לאַזאַר קלינג

# אַרבעט און קאַמף



פאַרלאַג „עפּאָכע“

ניו יאָרק, 1923

# פאָרוואָרט.

דאָס פאָרליגענדע בוך איז א זאמלונג פון א ריי ארטיקלען וואָס זיינען געווען אפּגעדרוקט אין סאָציאליסטישע, קאָמוניס־טישע און אנארכיסטישע צייטונגען, זשורנאלען און צייטשריפ־טען פאר די לעצטע צען יאָר.

דער גאנצער קנויל פראגען און פּראָבלעמען וואָס איך באריר אין דעם דאָזיגען בוך איז נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס פילע פראגען זיינען געשריבען געוואָרען מיט פילע יאָרען צוריק, זיינען זיי אבער נאך עד היום אזוי אקטועל און לעבענס־וויכטיג ווי יעמאָלט.

ביי אונז אין דער היגער אידישער ארבייטער־וועלט, ווייל מען ניט נאָר פאנאנדערקלייבען זיך אין פארשידענע פראגען און פּראָבלעמען, נאָר מען לאכט נאך אין די פויסטען פון די יעניגע, וואָס גריבלען זיך און פארטיפען זיך יאָ אין געזעל־שאפטליכע פראגען און זוכען א לייזונג צו זיי. א טייל „פאר־שטייער" פון דער היגער אידישער ארבייטער באוועגונג קוקען אויף די פערזאָנען וואָס גיבען זיך אָפּ מיט זעלבסטקריטיק, ווי אויף „נודניקעס", „גרינהארנס" און גלאט „קיקערס" און ס'איז גאנץ מעגליך, אז פילע „אפּיקורסישע" געדאנקען, וואָס איך זאָג ארויס אין דעם בוך וועלען ארויסרופען דעם כעס פון די גע־שווארענע אדוואָקאטען פון דער ארבייטער באוועגונג און אויף מיר וועלען זיך א גאָס טאָן יענע פערלדיגע ווערטער, מיט וועל־כע מען איז אזוי געוואוינט אָפּט צו באטיטלען אלע די יעניגע, וואָס גייען ניט אין „מארש" און שרייען ניט גלייך מיט אלעמען „טאַק טאָטשנאָ". איך טרעט דאָ אבער ארויס מיט אָפענע ווערטער, און „יעבור עלי מה", ווייל איך ווייס, אז זעלבסט־קריטיק אין דער ארבייטער באוועגונג איז אזוי נויטיג, ווי עס איז נויטיג לופט צו אטעמען. ווארים די ארבייטער באוועגונג

איז א באוועגונג פון מעשים, פון ווירקען און שאפען. און איך קומט אויס צו אַרבייטען אין אַן אומגעבונג, וואו עס הערשען פארשידענע געזעלשאפטליכע באציאונגען. פאַרוויקעלטע, קאָמפּליצירטע סאָציאַלע פראגען האַלטען זיך טאָג־טעגליך אין אייַנבייטען, און אומעטום וואו עס האַנדעלט זיך נאָר וועגען מענשליכע ארבייט, מוזען אויך זיין פעלערען. עס איז אָבער אויך א דרינגענדע נויטווענדיגקייט, אז די פעלערען זאָלען אויפגענומען ווערען און שטריינג אונטערזוכט ווערען, כדי זיי זאָלען דינען פאַר א לערע אין דער ווייטערדיגער אַרבייט.

איך מוז מודה זיין, אַז איך האָב נישט קיין פאַרטיגען „רעצעפּט" צו אַלע אַנגעוויַיטאַגטע חולאת'ן פון אונזער היגער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, נאָר אויב מיר איז געלונגען אויפצוהויבען דעם פאַרהאַנג פון אונזער היזער אַרבייטער־באַוועגונג, אויסצושרייען דעם וויי־געשריי פון די אַלע אומרעכטען און מעשים תעתועים וואָס ווערט אָפּגעטאָן פון די אַלע אָפּיציעלע נאַטשאַלניקעס פון דער היגער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג, און צו דערזעלבער צייט פאַראינטערעסירען א גרופּע אַרבייטער וואָס זאָלען אנאַליזירען, אויספאַרשען די באַוועגונגען, פּאַרטייען און פּערזאָנען, — יעמאָלט, גלויב איך, האָב איך מיין אויפגאבע ערפילט.

ד ע ר  מ ח ב ר.

# די יונגע אידישע סאָציאַליסטישע פּרעסע*)

עס איז אַ אַלטער כּלל: די ברייטע פּראָלעטאַרישע מאַסען ווערען ניט נאָר עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אונטערדריקט פון דער בורזשואַזער ממשלה, נאָר זיי ווערען אויך גייסטיגע שקלאַפען און זיינען אונטער דער השפּעה פון דער קאַפּיטאַליסטישער קולטור.

די בורזשואַזיע ווענדעט אַן אַלע כּוחות — דורך איר פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ — אויסצואיבען איר אידעאָלאָגיע אויף דעם אַרבייטער קלאַס; דורך פאַרשידענע וועגען און שטעגען גיסט זי אַריין איר סם אין די הערצער, און אין די מוחות פון די פאָלקסמאַסען. זי, די בורזשואַזיע, נוצט אויס דעם גאַנצען עקאָנאָמישען און פּאָליטישען אַפּאַראַט וואָס זי באַזיצט, אום צו באַקומען די שליטה, סיי איבער דעם אַרבייטער'ס גוף, סיי איבער זיין נשמה, כּדי צו מאַכען אים שטומפּפזיניג און גייסטיג טעמפּ צו אַלע וויכטיגע פראַגען פון אונזער לעבען. און, במילא ווערען די פּראָלעטאַרישע מאַסען ווערען בלינדע נאָכפאָלגער און טרייע משרתים פון דער עקזיסטירענדער אָרדנונג.

פון קינדווייז אָן פאַלט אַרונטער דער אַרבייטער אונטער דעם איינפלוס פון דער בורזשואַזער קולטור. די פאָלקס־שולען און אַנדערע קולטור־אַנשטאַלטען פלאַנצען אין אים איין אַ פּאַטריאָטיזם וואָס דערהגרייכט ביז שאָוויניזם, מען קנעלט איין מיט די

*) פאַר די לעצטע עטליכע יאָר זיינען פאָרגעקומען געוויסע ענדערונגען אין דער יונגער אידישער סאָציאַליסטישער פּרעסע. עס ערשיינט אין נויאָרק אַ טעגליכע אידיש־קאָמוניסטישע צייטונג „די פרייהייט“, וועלכע ערפילט פאָלקאָם די אויפגאַבע פון אַ רעוואָלוציאָנערען אָרגאַן. דער וועכענטליכער אָרגאַן „אידישער קעמפער“ פון די יונגע פועלי־ציוניסטען איז אונטערגעגאַנגען און עס גייט אַרויס דער „אידישער אַרבייטער“ מיט דער זעלבער ריכטונג ווי דער „אידישער קעמפער“. אויך איז די „נייע וועלט“ אונטערגעגאַנגען.

ארבייטער — בשעת זיי זיינען נאך קינדער — אזא מין וועלט־אנשויאונג, אזא מאראל און אידעאלאגיע וואס איז גינסטיג פאר דער בורזשואזיע. און דערנאך ווען די ארבייטער ווערען שוין אויסגעוואקסען, שפרייטען קונציג אוים אלערליי בורזשואזע קנעכט זייערע נעצען צו פאנגען די פראלעטארישע נשמות. מען טראגט אים אונטער א געלע פרעסע, וואס שפייזט אים מיט אלערליי נא־רישע, ווילדע און אומגעלומפערטע סענסאציעס, מען באשאפט פאר אים אזעלכע קינעמאטאגראפען און טעאטערען וואס ווייזען אים פארשידענע קיצעלדיגע בילדער און נארישע פארשטעלונגען. מיט איין ווארט: די בורזשואזיע דרינגט אריין אין איטליכען ווינ־קעלע פונ׳ם ארבייטער־לעבען און שטערען אים צו באנעמען די וועלט און דאס לעבען פון זיין אייגענעם שטאנדפונקט, אריענטי־רען זיך אליין אין אלע טאג־פראגען און געבען אויף זיי אן ענט־פער.

אנטקעגען אט דער דאזיגער גיפטיגער קולטור פון דער בור־זשואזיע דארף אנטקעגענגעשטעלט ווערען די סאציאליסטישע אויפקלערונגס־ארבייט, די רעוואלוציאנער־סאציאליסטישע וועלט־אנשויאונג. די אמת׳ע סאציאליסטישע פרעסע האט פאר זיך אינ׳ם איצטיגען מאמענט א נעגאטיווע און פאזיטיווע אויפגאבע: פון איין זייט דארף זי פירען א הארטען און ביטערען קאמף נעגען די אילוזיעס און בורזשואזער ערציאונג, וואס די ארבייטערשאפט האט איינגעזויגען אין זיך נאך פון קליינערהייט אן; פון דער צווייטער זייט דארף זי איינפלאנצען אין די הערצער און אין די מוחות פון דעם ארבייטער קלאס דעם קלאסענבאוואוסטזיין, די אמת׳ע סאציאליסטישע מאראל.

די פרעסע דארף אויפקלערען די ארבייטערשאפט וועגען זייערע טאג־טעגליכע אינטערעסען, נויטען, באדערפנישען און אויפ־גאבען, און דאס אלץ אין א רעוואלוציאנער־סאציאליסטישע אפ־שאצונג, אינ׳ם ליכט פונ׳ם שיינעם אידעאל.

דורך דער פרעסע דארפען די ארבייטער־מאסען באקומען א באגריף וועגען די קאמפ׳ן, שטרעבונגען און אידעאלען וואס דער פראלעטאריאט פירט אין אנדערע שטעדט און לענדער. די פרעסע דארף זיין די וועג־ווייזערין פונ׳ם פראלעטאריאט און העלפען אים

אָריענטירען זיך אין זיין טאָג־טעגליכען קאַמף. זי דאַרף אָנצייכענען די ליניעז, אַנווייזען די וועגען און מיטלען וואָס זאָל אים פירען צו זיין פאָלקאָמענער באַפרייאונג.

די פרעסע דאַרף אויך ערציען אין די מאַסען אַ פעסטען, שטאַרקען ווילען, וועלכער זאָל קענען בייקומען אַלערליי פאַרפּלאָנטערטע פאַסירונגען און שטערונגען וואָס שטעלען זיך אים אין וועג. זי דאַרף שמידען דעם געפיל פון פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט און אינטערנאַציאָנאַלער אחדות אַזוי, אַז יעדער יחיד זאָל קענען מקריב זיין זיינע פּערזענליכע מאַטעריעלע אינטערעסען לטובת דעם פּראָלעטאַרישען כלל.

די גאַנצע אויפקלערונגס און ערציאונגס אַרבייט פון דער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער פּרעסע טאָר ניט געפירט ווערען אויף דעם אופן פון אַרונטערלאָזען זיך צו די מאַסען, אָדער גלאַט פריידיגען אַלט־באַקאַנטע סאָציאַליסטישע אמת'ן, נאָר דאַרף די מאַסען דערהויבען צו זיך און באַלייכטען יעדע פאַסירונג, יעדען וויכטיגען פאַקט אינ'ם העלען שיין און אין אַנקלאַנג פון דעם סאָציאַליסטישען גערדאַנקען־גאַנג. — אַט דאָס דאַרף זיין די אויפגאַבע פון דער אמת סאָציאַליסטישער פּרעסע.

איצט, אַז מיר זיינען שוין פיל ווייניג באַקאַנט מיט די וויכטיגע אויפגאַבען פון דער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער פּרעסע, פרעגט זיך: ערפילט די היגע אידישע סאָציאַליסטישע פּרעסע אַט די דאָזיגע אויפגאַבען?

עס איז פאַראַנען אַ טעגליכער אידישער „סאָציאַליסטישער" „פאָרווערטס" מיט אַ ריזיגער צירקולאַציאָן, אָבער עס איז אַ ווייטאָג צוצוקוקען ווי אַזוי די זאַגענאַנטע סאָציאַליסטישע פּרעסע ווערט אויסגענוצט אויף אַ שלעכטען אופן. מען האָדעוועט דעם עולם טאָג־טעגליך מיט שונד־ראָמאַנען און פוילע וויצען, מען סטאַרעט זיך מיט אַלע מעגליכקייטען איינצופּירען אַזעלכע „פּיטשורס" (רובריקען), וואָס זאָלען דערוועקען און אויפרייצען די נידריגע אינסטינקטען פון די מאַסען. אַזוי קען מען טרעפען כמעט אין יעדען נומער „פאָרווערטס" אַרטיקלען איבער געשלעכטס־פראַגען, אָדער אַ בלוטיגע פאַסירונג, ווייל דאָס האַלט די נייגעריגקייט פון דעם אומוויסענדען מענשען. היינט די באַלייכטונגען און דערקלערונ־

גען פון די „פאַרווערטס"־מיטאַרבייטער וועגן פאַרשידענע אַרביי־טער קאַמפּען און טרייד יוניאָן פּאָסירונגען, וואָס ווערען געפירט אויף אַזאַ אומגעלומפּערטען, וואולגאַרען און צינישען אופן, אַז עס פאַרקלעמט פּשוט ביים האַרצען ביי יעדען באוואוסטזיניגען סאָ־ציאַליסט.

ווען עס מאַכט זיך אַז אַ סטרייק איז פאַרלאָרען געגאַנגען (און דאָס טרעפט זיך גאַנץ אָפט), איז אַנשטאָט דעם וואָס אַ סאָ־ציאַליסטישע צייטונג דאַרף דערציילען דעם אמת די אַרבייטער פון'ם סטרייק און לערנען אַ מוסר השכל פון'ם דורכפאַל, קומט שטענדיג אַרויס דער „פאַרווערטס" מיט אַ גוואַלדיגען „קאַפּ" וועגען אַ גרויסען זיג. דערביי שטעקט אַ הינטער־געדאַנק. מען וויל איינריידען די אַרבייטער וועגען „זייער זיג" און דערפאַר רעכט־פערטיגען די האַנדלונג פון די יוניאָן־לידערס, פון דער גאַנצער יוניאָן־ביוראָקראַטיע.

לויט דער „פאַרווערטס"־רעדאַקציע גייט קיינמאָל קיין סטרייק אין דער אַרבייטער באַוועגונג ניט פאַרלאָרען. דער אַרבייטער קלאַס איז שטענדיג זיגרייך אויף אַלע פראָנטען! (אויב עס וואָלט געווען אמת ווי דער „פאַרווערטס" באַריכטעט וואָלטען די היגע אַרביי־טער געדאַרפט דאָ לעבען ממש ווי אין אַ גן־עדן).

אָפיציעל רופט זיך דער „פאַרווערטס" אַ סאָציאַליסטישע צייטונג, אָבער אין דער אמת'ן (זאָל עס בלייבען אַ סוד) איגנאָרירט מען אין „פאַרווערטס" אַפילו די אייגענע סאָציאַליסטישע אָרגאַני־זאַציעס, מען לאָזט ניט דעבאַטירען איבער פאַרטיי־פראַגען, מען ערלויבט ניט צו קומען צום אויסדרוק די אייגענע פאַרטיי ברענ־טשעס, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען זייער לעבען און טעטיגקייט, מען וויל ניט פאַרעפענטליכען זייערע רעזאָלוציעס. (ווייל דאָס ברענגט דאָך ניט קיין צירקולאַציע, צום טייוועל!).

וועגען דער גייסטיגער ווירקונג פון „פאַרווערטס" אויף די אַרבייטער מאַסען איז דאָך שוין אָבגערעדט. איר קענט, למשל, אָפּלייענען דעם „פאַרווערטס" אַ צענדליג יאָר, און ניט האָבען אַבסאָלוט קיין שום באַגריף פון דער אַלוועלטליכער אַרבייטער באַ־וועגונג, פון די אומאויפהערליכע שטרייטען אין דער פאַרטיי גופא.

א. ד. גל.

אָבער נאָך קאַלאַמוטנער ווערט אויפ׳ן הארצען, ווען מען זעט אַז אַזאַ מעכטיגע געווער, ווי די פּרעסע, וועלכע ווערט באַצייכענט אַלס די זיבעטע וועלט־מאַכט, און פּוצט זיך אין סאָציאַליסטישע פעדערען, ווערט אָפטמאָל פאַרוואַנדעלט אין אַן אָרגאַן וואָס קעמפט געגען די אינטערעסען פון די ארבייטער.

עס איז אַן אַלט־באַקאַנטער אמת, אַז ווען עס מאַכט זיך אַ סכסוך אין אַ יוניאָן צווישען די ארבייטער. און די פירער, אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אָדער אין ארבייטער רינג, אַזוי זוכט ניט די „פאָרווערטס״־רעדאַקציע אויסצוגעפינען דעם אמת, דער־גרונטעווען זיך אין די פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשידענהייטען, אַנאַליזירען די פאַקטען, נאָר שטעלט זיך שטענדיג אַוועק מיט דעם צד וואָס איז דער הערשענדער, וואָס באַזיצט די מאַשין אין זיינע הענט.

אָדער לאָמיר נעמען אַזאַ פאַל. איידער אַמעריקא איז אריינ־געטראָטען אינ׳ם וועלט־בראַנד, האָט מען אין „פאָרווערטס״ גע־שריען און גע׳טענה׳ט, אַז עס איז ניטאָ קיין באַרעכטיגונג פאַר דעם, אַז אַמעריקא זאָל אריינשפּרינגען אין קריג, אָבער אַזוי גלייך ווי אַמעריקא איז שוין יאָ אריינגעטראָטען אין קריג, אַזוי האָט מען זיך געשטעלט אין די רייען פון אַלע סאָציאַל־פּאַטריאָטען. מ׳האָט פאַרגעטערט דעם ווילסאָניזם, אַדווערטייזט מיט די פעטסטע בוכ־שטאַבען די „פרייהייטס״־הלואות און אונטערגעדריקט מיט אַן איי־זערנער האַנד (דאָס איז, פאַרבייגייענדיג, ניט קיין נייס דאָרטען) יעדען וואָס האָט געוואַגט צו האָבען אַן אַנדער מיינונג וועגען דער אַנגעלעגענהייט. מיר ווייסען, מען וועט זאָגען, אַז אויב דער „פאָרווערטס״ וואָלט יעמאָלט גענומען אַן אַנדער שטעלונג, וואָלט אים געדראָעט זיין עקזיסטענץ. איז, ערשטענס, דאָס ניט אינ־גאַנצען ריכטיג. אָט האָט די ניו יאָרקער דייטשע „פאָלקס־צייטונג״ און פילע אַנדערע צייטונגען יאָ אויסגעהאַלטען די פּראָבע און דאָך האָט מען זיי ניט פאַרמאַכט. און אויב אפילו צוגעבען, אַז דאָס וואָלט פּאַסירט, אַז מען וואָלט דעם „פאָרווערטס״ יאָ פאַר־מאַכט, הייסט עס, אַז מען דאַרף איינפּאַקען די פּרינציפּען און מיי־נונגען, צוליב וועלכע אַזאַ צייטונג גייט ארויס, אָבי צו שטיין ביי דער קאַרעטע און טרינקען? — אָט די זעלבע ארגומענטען און

טענות האבען דאך געברויכט די וואנדערוועלדס אין בעלגיען און די שיידעמאנס אין דייטשלאנד! אויך זיי האבען גע׳טענה׳ט, אז זיי האבען אויפגעבויט גאנץ נישקשה׳דיגע ארבייטער אינסטי־טוציעס, ווי ארבייטער היימען, פראפעסיאנעלע פאראיינען, א. ד. גל., און אויב זיי וועלען ניט ווערען קיין סאציאל־פאטריאטען, אזוי דראעט די פארניכטונג פון זייערע אינסטיטוציעס מצד די אינער־ליכע און אויסערליכע שונאים.

אדער ווען מיר באטראכטען די האלטונג פון „פארווערטס“ בנוגע צו רוסלאנד. גלייך נאך דער רוסישער רעוואלוציע איז וואס פאר א רעגירונג רוסלאנד האט ניט יעמאלט געהאט, איז מען גע־שפרונגען קדוש פאר איר. און דערנאך ווען די „פארווערטס“־רע־דאקציע האט דערשמעקט (און א חוש הריח האבען זיי דארטען א גאנץ גוטען), אז די מאסע איז באלשעוויסטיש, אזוי האט מען אויסגעדרייט דעם דישעל און מען האט געשריען הורא פאר לע־נינ׳ען און טראצקי׳ן. ווי אבער די אידישע ארבייטער זיינען גע־ווארען רעוואלוציאנער־געשטימט און די ארויסגעבער פון „פאר־ווערטס“, וועלכע באשטייען פון דער יוניאן־ביוראקראטיע, האבען דערפילט, אז זייערע טראנען שאקלען זיך, אזוי האבען זיי א קא־מאנדעווע געטאן צו די פען־פראסטיטוטקעס פון „פארווערטס“ צו פירען א העצע־קאמפיין געגען דער סאוועטען־רעגירונג.

פארוואס הערשט דארט אזא מין באאס. פארוואס איז דער „פארווערטס“ אוועק פון דעם ציל, צוליב וועלכען ער איז געגרינ־דעט געווארען? ווייל די „פארווערטס“־ארויסגעבער און מיטאר־בייטער האבען ניט קיין פרינציפען פעסטקייט, קיין באשטימטע ריכטונג, וואס זאלען קעמפען פאר דעם, קיין היילינגע אידעאלען. וואו מען איז בארייט צו אויפאפפערען זיך פאר זיי, נאר זיי־נען פארוואנדעלט געווארען אין א „פארווערטס“־קאמפאניע וואס זוכט בלויז מאטעריעלע און מאראלע פרא־פיטען פאר זיך. דערפאר ווערט דארט אלעס געוואוי־גען און געמאסטען לויט דער צירקולאציע. און, אזוי ווי די סא־ציאליסטישע פירמא ברייננגט נאך אריין ניש׳קשה׳דיגע פראפיטען איז מען דארט סאציאליסטיש. אין אנדערע ווערטער: ווערענד

רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען זיינען מקריב זייערע מאַטעריעלע אינטערעסען צוליב זייערע אידעאַלען. האָבען די „פּאַרווערטס"־חברה מקריב געווען זייערע אידעאַלען צוליעב זייערע פּערזענליכע, מאַטעריעלע אינטערעסען.

עס איז אויך פאַראַנען אַ וועכענטליכער „סאָציאַליסטישער" אָרגאַן די „נייע וועלט" (אָפּיציעלער אָרגאַן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע). אַ גרויסער טייל פון איר מאַטעריאַל ווערט אויסגעפילט פון די וואַרשעווער „לעבענס־פראַגען". קיין אייגענע באַשטימטע שטעלונג צו די פּראָוויקעלטע פראַגען, קיין פאַרטיפען זיך אין טעאָרעטישע פראַגען פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער געדאַנקען־וועלט, קיין פעסטע מיינונג צו דעם גאַנצען פּלאַנטער פון אונזער צייט וועט איר דאָרטען ניט געפינען. נאָר צייטענווייז זיינען די עדיטאָריעלס פון דער „נייער וועלט" גאַנץ מעסיגע פעליטאָנען און וויצען פאַר'ן „קונדס". און ווען די „נייע וועלט" האָט שוין אַמאָל אין אַ יובל געפּאַסט מוט און ארייגעקיבעצט שלעזינגער'ן פאַר זיין בריוועל צו סעמועל אונטערמייער, אָדער דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי פאַר איר שטעלונג צו דער אַלבאַני־געשיכטע, האָבען זיי זיך אָבער גלייך נאָכדעם מפצה געווען — און ווידער, חי — געלעבט. דאָס איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון די סאָציאַל־אָפּאָרטוניסטען און צענטריסטען, וועלכע געברויכען בלויז די פראַזע פאַר די מאַסען, אָבער מיינען ניט ערנסט מיט'ן ריידען, נאָר טוען פונקט פאַרקערט ווי זיי ריידען.

דער מאָנאַטליכער זשורנאַל „די צוקונפט" איז אַ זשורנאַל פאַר האַלבע און גאַנצע אינטעליגענטען, וועלכע ווילען זיך באַקענען מיט סאָציאַל־פּאָליטישע פראַגען. און אַבוואָל אויף דער „צוקונפט" שטייט ניט דער אָפּיציעלער שטעמפּעל אַז ער איז אַ סאָציאַליסטישער, איז דאָס אָבער גאַנץ קלאָר, אַז דער זשורנאַל ווערט געפירט אין אַ סאָציאַליסטישען גייסט. אָבער ליידער מאַכט די „צוקונפט" אַן איינדרוק פון אַ צופעליגען זאַמעל־בוד. עס פעלט אין דער „צוקונפט" אַ באַשטימטע ריכטונג. אַ פעסטע שטעלונג צו די פראַגען, וואָס ווערען דאָרטען ארויסגערוקט.

אמת, ליעסין, דער רעדאקטאָר פון די „די צוקונפט“, אלס אן אונערמידליכער קעמפּער און גלענצענדער זשורנאַליסט, וואנט אַפּען און מוטיג אַרויסצוטרעטען אין זיין זשורנאַל געגען אַזעלכע פערזאָנען און באַוועגונגען, וואו די פירער וויקלען זיך איין אין טליתים און גייען פאַר׳דבקה׳ט, כדי דורכצופירען דארט פּערזענ־ליכע אַוואַנטיורעס. אָבער עס מוז נעזאָגט ווערען, אז ער האַלט שוין צופיל פון „פרייע“ פּלאַטפאַרמעס אין „די צוקונפט“. אַזוי געפינט מען גאַנץ אָפט אַן אַרטיקעל אין דער „צוקונפט“ פון אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, וואָס זוכט אויסצואיבען אַן איינפלוס אויף די מאַסען.

עס איז פאַראַנען צוויי וועכענטליכע זאַנענאַנטע ארבייטער אָרגאַנען : די „פרייע ארבייטער שטימע“ און דער „אידישער קעמ־פער“. די „פרייע ארבייטער שטימע“ איז פאַרוואַנדעלט געוואָ־רען אין אַ בלעטעל, וואו מען האַלט אין איין פּרעדיגען דעם „ליי־באָריזם“. זי האָט אָבער ניט קיין ברעקעל ווירקונג אויף דער אר־בייטער באַוועגונג. און ווען מיר זאָלען ניט קענען דעם רעדאַק־טאָר אירען, וואָלטען מיר געהאַט אַ גאַנץ גוטען גרונד חושד צו זיין אַז די „פרייע ארבייטער שטימע“ טוט פּראָוואָקאַטאָרישע ארבייט און דער רעדאַקטאָר אירער שטייט אין דינסט פון יוסטיץ־דע־פּאַרטמענט. אַזוי האָט דער בריף־קאַסטען מאַן אַנומעלט עפענט־ליך מודיע געווען, אַז אַ געוויסער פּערזאָן געפינט זיך אין אַמע־ריקאַ אלס אַן אַגענט פון די באָלשעוויקעס. „דער אידישער קעמ־פער“, איז אַ באַלעבאַטיש־ציוניסטישע צייטונג, וועלכע נעברויכט די סאָציאַליסטישע טערמינאָלאָגיע, ווייל דאָס איז אַ מיטעל צו מאַכען ביזנעס.

נו, ביי אַזאַ צושטאַנד פון אונזער היגער אידישער סאָציאַ־ליסטישע פּרעסע, אין דען אַ וואונדער, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס עס איז שוין באַלד דרייסיג יאָר ווי עס עקזיסטירט דאָ אַ סאָציאַליסטישע און טרייד יוניאָניסטישע באַוועגונג, און דאָך אַזאַ קולטורעלע אָרימקייט, אַזאַ נידריגער אינטעלעקטועלער צושטאַנד, ניט נאָר ביי די ברייטע מאַסען, נאָר זאָגאַר ביי די „פירער“ פון דער היגער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און ביי די „ליי־באָר לידערס“.

פאַלשע דונער, פאַלשע בליצען,
נישט געשטערט, נישט געשאַפט, —
זיי זיינען דעם הימעלס פוילע וויצען,
ניט זיין כוח, נים זיין קראַפט.

י. ל. פרץ.

# די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אויף דער אידישער גאַס בעפאָר דער צווייטער שפאַלטונג אין 1921

יעדער וואָס אינטערעסירט זיך באמת מיט דער היגער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פרעגט: ווי קומט עס, וואָס פון אַזאַ ריזיגע צאָל אידישע אַרבייטער אָרגאַניזירט אויף'ן עקאָנאָמישען געביט — אין די יוניאָנס און אין די זעלבסט־הילף אָרגאַניזאַציעס, ווי דער אַרבייטער רינג א. ד. גל., איז גאָר אַ קליינער פּראָצענט פון זיי פאַראַן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג? וואו ליגען די סיבות, וואָס פון אַזאַ גרויסע מאַסע אריבערגעקומענע אידישע סאָציאַליסטען פון רוסלאַנד און גאַליציען, וואָס זיינען געווען שטאַרק אַקטיוו אין דער דאָרטיגער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זיינען זיי דאָ אַזוי פּאַסיוו, אַזוי גלייכגילטיג צו דער אָנטעטיגקייט פון דער ס. פּ. אויף דער אידישער גאַס—צו דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע? די דאָזיגע באַהויפּטונג ווערט ניט געמאַכט מצד אַ „קיקער“, אָדער גלאַט אַ געגנער. נאָר דאָס זיינען פאַקטען, וואָס זיינען גוט באַקאַנט צו יעדען וואָס איז טעטיג אין

*) ערשינען אין „קאַמף“, דעם 16טען יולי, 1920, בעפאָר דער צווייטער שפאַלטונג פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע.

דער היגער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. נאָך מיט אַ צען—עלף יאָר צוריק, איז די פראַגע אַרויפגעשוואומען אין דער אידישער סאָציאַליסטישער פרעסע, און, עס האָט זיך דאמאָלט אויס־געדוכט, אַז מען האָט געפונען אַ תרופה צו דער חולאת; מ'האָט געמיינט, אַז די הויפט צרה שטעקט דאַרין, וואָס דער אָרגאַניזאַ־ציאָנס־אַפּאַראַט פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז ניט צוגעפּאַסט צו די ספּעציפישע באַדינגונגען און פּסיכאָלאָ־גיע פון די אידישע אַרבייטער, האָט מען דאַרום יעמאָלט געגרינ־דעט די אידישע סאָציאַליסטישע אַגיטאַציאָנס־ביוראָ, אָבער אין דער קליינער צייט פון איר עקזיסטענץ, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די אידישע סאָציאַליסטישע אַגיטאַציאָנס־ביוראָ איז אויך אַ דורכפאַל — און עס האָט זיך פון איר אַרויסגעשיילט די איצטיגע אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע.

געוויינליך, ביי אַ קאָנווענשאַן, קומען אַרויס די טוער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע מיט ליבגעזאַנגען און פּוס־טע באַרימערייען וועגען זייער גוואַלדאָווענער אַרבייט און אויפטו־אונגען, זיי באַנוצען זיך מיט געפליגעלטע פראַזען און קלינגענדיגע ווערטער, אַזוי, אַז אַ זייטיגער מענש מיינט ווירקליך, אַז די פעד־דעראַציע טוט אויף בערג מיט אַרבייט און באַווייזט גאַנצע וואונדער, אָבער מיר זיינען דאָך גוט באַקאַנט מיט דער פעדע־ראַציאָנס־אַרבייט פון איהר גרינדונג ביז איצט און אויב מיר ווע־לען אַוועקליינען זייער נאַרישע נאוה און זעלבסטנאַרעריי אַן אַ זייט, נאָר וועלען קוקען דעם אמת אין די אויגען אַריין, אַזוי ווע־לען מיר קענען מיט אַ ריינעם געוויסען זאָגען, **אַז זייער גאַנצע אַרבייט איז נול, אַז זייערע אויפטואונגען זיינען ניט ווערט קיין אויסגעבלאָזען איי.**

און אין דער אמת'ן באַרעכענט: עס איז שוין אַריבער העכ־בער פון זיבען יאָר זייט די פעדעראַציע איז געגרינדעט געוואָרען. און ניט בלויז זי האָט ניט אויסגעאיבט קיין איינפלוס אויף די ברייטע אידישע מאַסען: ניט בלויז קומט זי ניט אין קאָנטאַקט און אין ענגע באַציהונגען מיט די אידישע אַרבייטער, נאָר זי האָט

אפילו ניט צונעצויגעז די נעענטערע, די געוועזענע היימישע סאָ־
ציאַליסטען.

נאָך מער: ווער עס האָט אַ טיפערען בליק, וועט באַמערקען,
אַז די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע קייקעלט זיך באַרג
אַראָפּ; אַז זי ווערט פון טאָג צו טאָג שוואַכער און מאָגערער. דער
פאַקט, אַז נאָך זיבען יאָר עקזיסטענץ באַשטייט איר מיטגלידער־
שאַפט ווייניגער פון צוויי טויזענט*), דער אָרגאַן פון
דער פעדעראַציע, „די נייע וועלט" האָט ווייניגער צירקולאַציאָן,
לגבי די אנדערע וואָכענבלעטער, וואָס ווערען אַרויסגעגעבען פון
פאַרשידענע ריכטונגען. די סאָציאַליסטיש־פּראָלעטאַרישע אינטע־
ליגענץ, — וועלכע בילדען איבעראַל דעם רוקען־ביין פון דער
באַוועגונג, — איז אינגאַנצען אַוועק פון דער פעדעראַציע. דער
מאַנגעל אין געלט איז שאַרף, די זאַגענאַנטע ווירקונג, וועלכע די
פאַרשטייער פון דער פעדעראַציע האָט כלומר'שט געוואָלט אויס־
איבען אויף דער היגער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג און אויף
דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווי אין דעם „שלעזינגער אינצי־
דענט", אַלבאַנער געשיכטע און די שטעלונג צו דער „אַמעריקאַן
פעדערײשאַן אָוו לייבאָר", איז פּשוט אויסגעלאַכט געוואָרען פון
אַלע טוער, סיי פון דער אַרבייטער באַוועגונג, סיי פון דער סאָציאַ־
ליסטישער פּאַרטיי. די קליינע אָרגאַניזאַציעלאַך אויף די ערטער,
ווי עס גיבען איבער אַלע וואָס האָבען זיי באַזוכט, זשיפּען קוים,
און די גאַנצע פעדעראַציע האַלט זיך בוכשטעבליך אויף איין פּער־
זאָן — דאָס זיינען אַלי שטריכען, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש
פאַר אַן אָרגאַניזם וואָס שאָקעלט זיך, וואָס האָט ניט קיין פעסטען
באָדען אונטער די פיס.

עס איז אויך דערביי כאַראַקטעריסטיש צו דערמאָנען, אַז די
אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע האָט פאַר דער גאַנצער צייט
פון איהר עקזיסטענץ געצויגען איר גייסטיגע יניקה פון אַ פרעמ־
דען טיש. מיר מיינען, וואָס זי פלעגט אַלע מאָל טראַנספּאָרטי־
רען אַ בונדיסט, אַ משולח פון רוסלאַנד, וואָס זאָל אַריינשפּריצען

*) זע דעם רעפּאָרט פון נאַציאָנאַלען סעקרעטער פון דער אמערי־
קאַנער סאָצ. פּאַרטיי צו דער קאָנווענשאָן אין מאַי, 1920, ניו יאָרק.

א ביסעל בלוט און אויפמונטערן די פארשלאפענע. און עס איז פאר קיינעם קיין סוד ניט, אז ווען זי זאל ניט האבען די צוויי האלבע אינטעליגענטען, וואס זיינען שטענדיג מוכן ומזומן צו אנטלויפען פון אמעריקא, וואלט זי, די פעדעראציע, שוין לאנג אויסגעגאנגען בנשיקה. ווארום קיין אייגענע, ארטיגע אינטעליגענץ, אויף וועמען זי זאל זיך פעסט אנשפארען איז אבסאלוט ניט פאראן.

פארוואס איז די ארבייט פון דער אידישער סאצ. פעדעראציע — ניט קוקענדיג אויף איר גאנצער אנשטרענגונג און פארשידענע פלענער — דאך אזוי פרוכטלאז, אזוי איינגעשרומפען? מילא, אין די פאריגע יארען, ווען די סאציאליסטישע באוועגונג פון דער גאנצער וועלט איז געגאנגען מיט איר לאנגזאמען גאנג און רואיג זיך געציילט די שטימען, האט מען נאך געקענט דערקלערען דעם לאנגזאמען וואוקס פון דער היגער סאציאליסטישער באוועגונג בכלל און פון דער אידישער סאציאליסטישער באוועגונג בפרט. אבער פאר די לעצטע דריי־פיר יאר זיינען געווען די שטורמדיגסטע יארען אינ׳ם לעבען און בויען פון די סאציאליסטישע און רעוואלוציאנערע פארטייען פון דער גאנצער וועלט. די וועלט־מלחמה פון איין זייט און די רוסישע רעוואלוציע פון דער צווייטער זייט, האבען ארויסגערוקט די ברייטע ארבייטער־מאסען זיך שטארק צו פאראינטערעסירען מיט דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. דער רעוואלוציאנערער שוואונג פון די מאסען איז געגאנגען מיט א שנעלען טעמפ, טא ווי זשע קומט עס, וואס אויף דער אידישער גאס, וואו אונזערע אידישע ארבייטער זיינען דאך „אנגעהויכט“ מיט סאציאליסטישע געדאנקען נאך פון דער אלטער היים און נע־לעבט יארען לאנג אין א רעוואלוציאנערער אומגעבונג, אז גראד זיי זיינען קאלט און פאסיוו צו דער גאנצער היגער אידישער סא־ציאליסטישער באוועגונג? — דער ענטפער איז, אז די אי־דישע סאציאליסטישע פעדעראציע איז ניט געווען די ארגאניזאציע, וואס האט געגעבען אן ענטפער צו דעם ארבייטערס טאג־טעגליכע נויטען און פראגען, זי האט ניט אויסגענוצט דעם שעת הכושר פון א רעוואלוציאנערער סיטואציע, זי

האָט ניט דעם שליסעל ווי אַזוי צוצוקומען צו די מוחות און הער־צער פון די ברייטע אַרבייטער־מאַסען. און הויפּטזעכליך דער־פאַר, וואָס זי, די איד. סאָצ. פעד., ה אָ ט נ י ט ק י י ן ב אַ־ש ט י מ ט ע ש ט ע ל ו נ ג, ו ו י י ז ט נ י ט אַ ר ו י ס ק י י ן ב אַ ר י י ט ק י י ט צ ו ק ע מ פ ע ן, ק י י ן פּ ר י נ צ י פּ ע ן־פ ע ס ט ק י י ט ב נ ו ג ע צ ו אַ ל ע פּ אַ ר ו ו י ק ע ל ט ע פּ ר אַ ג ע ן פ ו ן א ו נ ז ע ר צ י י ט. לאָמיר דאָס פּרובירען אילוסטרירען מיט אַ פּאָר ביישפּילען וואָס וועט דעם גאַנצען ענין קלערער מאַכען.

בשעת די אידישע סאָצ. פעדעראַציע איז געגרינדעט געוואָרען האָט זי ווירקליך געהאַט צוגעצויגען צו זיך אַ היבש ביסעל פּראָ־לעטאַרישע אינטעליגענץ, וועלכע האָבען מיט אייפער און ברען גע־נומען טאָן די נעגאַטיווע און פּאָזיטיווע אַרבייט: פירען אַן אומ־אויפהערליכען קאַמף געגען די גרעלע סאָציאַליסטישע געוואוקסען, וואָס האָבען זיך געפּרוכפּערט און געמערט זייט די לעצטע דריי־סיג יאָר אויף דער היגער אידישער אַרבייטער־גאַס, און צו דערזעל־בער צייט טראָגען דעם רעוואָלוציאָנערען באוואוסטזיין צווישען די אַרבייטער רייען. נו, האָבען אָבער די פירער פון דער פעדעראַציע, משמעות, דערפילט, אַז עס איז פיל „וואַרימער“ און באַקוועמער צו מאַכען שלום מיט די פאַרשטייער פון גרעלען סאָציאַליזם — און מען האָט דעם קאַמף אויפגעגעבען, געוואָרען גאַנצע „גוטע ברי־דער“. ווען דער וועלט־קריג איז אויסגעבראָכען און עס איז שוין יעמאָלט געווען גאַנץ קלאָר די שטעלונג צום וועלט־קריג מצד די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען פון דער גאַנצער וועלט, אָבער די פעדעראַציע איז — גלייך, ווען אַמעריקא איז אריינגעטרעטען אין וועלט־בראַנד — געוואָרען „שטילער פון וואַסער און נידעריגער פון גראָז“, ווי מען זאָגט אין רוסיש. נאָכמער, זי, די פעדעראַציע, האָט זיך געשטעלט אין די רייען פון אַלע סאָציאַל־פּאַטריאָטען און סאָציאַל־פּאַרעטער. „די נייע וועלט“ האָט געהייסען שטיין „אונ־טער'ן פּרעזידענט“, אַגיטירט פאַר די „ליבערטי באָנדס“ און מיט אַן אייזערנער האַנט אונטערדריקט יעדע שטימע, וואָס האָט גע־וואָגט מוטיג אַרויסצוטרעטען געגען דעם בלוטיגען וואַנזין. דער־נאָך, ווען עס איז אויסגעבראָכען די רוסישע רעוואָלוציע און דער

רוסישער פּראָלעטאַריאַט אונטער דער פירערשאַפט פון די באָלשע־וויקעס, האָט אַריינגעקראַגן די מאַכט, האָט די אידישע סאָצ. פּער. באַשימפּט די רוסישע באָלשעוויקעס. צוגלייך מיט אַלע אַנ־דערע גלעלע צייטונגען, האָט די „נייע וועלט" פאַרדרייט פאַקטען און אויסגעזוכט אַלערליי המצאות צו דיסקרעדיטירען די רוסישע סאָוויעטען רעגירונג. דערנאָך, ווען די מאַסע האָט געסקאַנדאַלע־וועט, האָט מען אומגעדרייט דעם דישעל; ווען דער דריטער אינ־טערנאַציאָנאַל איז אין מאָסקווע געגרינדעט געוואָרען, און אַלע אמת'ע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבען מיט גרויס ענטוזיאַזם באַגריסט און אַנגעשלאָסען זיך אינ'ם דריטען אינטערנאַציאָנאַל, האָט די איד. סאָצ. פּער. בדאי געשפּאָלטען אירע רייען אין יאָר 1919, אבי ניט אריינצוטרעטען אינ'ם דריטען אינטערנאַציאָנאַל.

אדער לאָמיר נעמען אַזאַ פראַגע ווי אינדוסטריעלער יוניאָ־ניזם. געוויינליך, ביי די קאָנווענשאָנס פון דער פעדעראַציע ווערט כלומר'שט אָנגענומען שיינע רעזאָלוציעס און פאָרמולאַס בנוגע אינדוסטריעל יוניאָניזם. אָבער עס איז קלאָר פאַר יעדען, אַז די אַלע שיין־קלינגענדע רעזאָלוציעס ווערען אָנגענומען בלויז יוצא צו זיין, אַזוי ווי יענער פרומער איד, וואָס פאַרמאַכט די אויגען און זאָגט דעם „יהי רצון", אָבער זיי מיינען ניט ערנסט מיט דעם. וואָרים די פירער און טוער פון דער פעדעראַציע זיינען אין אַז ענ־גען פאַרבאַנד מיט דער גאַנצער יוניאָן־ביוראָקראַטיע — וואָס גיט זיי די געלט־מיטלען — און זיינען טויב צו דעם קאַמף, וואָס די רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער אין די יוניאָנס גופא פירען אָן, אַזוי האַרטנעקיג, אַזוי ביטער, געגען דער יוניאָן־נאַטשאַלסטוואָ. און אפילו די זאָגענאַנטע סאָציאַליסטישע פאַר־ברענטשעס וואָס די איד. סאָצ. פּער. האָט געגרינדעט, איז דאָס אויך פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פּלעצער, וואו די יוניאָן־פּאָליטישענס נוצען זיי אויס פאַר זייערע אייגעננוציגע, פּערזענליכע צילען.

היינט ווען מען נעמט נאָך אין אַמבאַטראַכט, אַז אַלעס ווערט דאָרט געפירט אויף אַזאַ קאַזיאָנעם אופן און סקאָרבאָווע־מעסיג, קיין אויסבילדונג פון רעוואָלוציאָנערע טוער אין דער אַרבייטער־באַוועגונג, קיין פאַרטיפען זיך אין די טעאָרעטישע פראַגען פון דער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער געדאַנקען־וועלט, קיין

פארבינדונג מיט די טאג־טעגליכע פראגען פון אונזער לעבען, קיין ערנסטע באציאונג צו זייערע אייגענע מיינונגען, קיין מוט צו קעמפען פאר דעם וואס זיי אליין פריידיגען. — ווען מען נעמט דאס אלעס אין אמבאטראכט, איז גאר קיין וואונדער ניט, וואס די אידישע באוואוסטזיניגע ארבייטער, האבען צו דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע קיין צוטרוי ניט, און קערען זיך אפ מיט פאראכטונג פון איר; עס איז דאריבער גאר קיין חידוש ניט, וואס די איד. סאצ. פעד. ווערט באטראכט פון יעדען דייגקענדען סאציאליסט, אלס א שרייפעל פון דער געלער סאציאליסטישער מאשין.

און עס וועט ניט העלפען די טוער פון דער פעדעראציע, וועלכע קלאפען זיך איצט על חטא, נעמען אן רעזאלוציעס פאר דיקטאטור, פאר'ן דריטען אינטערנאציאנאל א. אז. וו. און סטארען מיט אלערליי פראזען איינצוריידען דעם עולם, אז זיי, און נאר זיי, זיינען, אזוי צו זאגען, די אמת'ע פרינציפען־רייטער, ווייל די אידישע ארבייטער ווייסען גאנץ גוט, אז אלע פארטייען זוכען אריינצונארען דעם עולם דורך שיינע פראזען, אז פרינציפען איז ניט עפעס אן אבסטראקטע זאך, אדער עקזיסטירט אויפ'ן הימעל. מענשען דארפען דורכפירען די פרינציפען אין לעבען, און ווען נויטיג זאגאר מקריב צו זיין זיך פאר זיי, אבער דער עלעמענט און די טוער פון דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע באשטייט מערסטענס פון זאטע, רואיגע און זעלבסטצופרידענע, וואס זוכען באקוועמע און זיכערע פלעצער.

ווער עס קוקט מיט אפענע אויגען אויף דער גאנצער ארבייט פון דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע, מוז קומען צום באשלוס, אז די פעדעראציע איז געקומען צו אזא טויטען־פונקט, צו אזא צושטאנד, ווי די היגע אידישע קליינע יוניאנלאך: די אידישע זעצער יוניאן, סעלצער יוניאן, וואס עקזיסטירען דערפאר, וואס א געוויסע טייל מענשען פאדערן דעם לייבעל. אויף דער היגער אידישער גאס איז אויך פאראן א געוויסע צאל מענשען, וואס פאדערן דעם רויטען „לייבעל“ — די רויטע קארד — און די אידישע סאציאליסטישע פעדעראציע איז געווארען דאס קרעמעל, וואס פאר־

קויפט רויטע קאַרדס און סטעמפּס פאַר וואַקינג דעלעגאַטען פון יוניאַנס און „פאַרווערטס"־אַסאָסיאיישאַן־מיטגלידער.

# דער אַרבייטער רינג און די רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטען.

גנעוויינליך, ווען עס מאַכט זיך אַ שמחה, אַ יובילעאום אָדער אַזוי אַ יומא דפגרא, אַזוי קומען אַרויס די „פאַרשטייער“ פון דער היגער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג מיט זעלבסט־באַרימעריי און בלאָזען פון זיך אַזוי ווי דער פראָש אין קרילאָוו'ס פאַבעל: „דער פראָש און דער אָקס“, טענה'נדיג צו די יעניגע, וואָס הויבען אַבי־סעל אויף דעם פאַרהאַנג פון דער אַרבייטער באַוועגונג: „ווי וואַגט איר אונז צו קריטיקירען! זעט, וואָס פאַר אַ מעכטיגע אַרבייטער באַוועגונג מיר האָבען אויפגעבויט פאַר אייערטוועגען! גרויסע יוניאָנס, אַ מעכטיגען אַרבייטער רינג, און איר האַלט אונז אין איין אַרונטעררייסען, אין איין האָבען פּרעטענזיעס“.

לאָמיר אויך דאָ פעסטשטעלען די צוויי באַזונדערע שיטות, די וועלט־אַנשויאונגען און גאַנץ פאַרשיידענע טאַקטיק בנוגע צו אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס מצד די קאָמוניסטען און די סאָציאַל־אָפּאָרטוניסטען.

קודם כל דאַרפען מיר פאַרשטיין, אַז דערמיט וואָס אין אַ געוויסער אָרגאַניזאַציע זיינען פאַראַן אַרבייטער, אָדער די אָרגאַני־זאַציע באַשטייט אָם מערסטען פון אַרבייטער, איז זי נאָך ניט קיין אַרבייטער אָרגאַניזאַציע. ווען למשל, עס נעמען זיך צונויף אַ גאַנצער לאָקאַל פון שניידערס און גרינדען אַ טאַנץ אָרגאַניזאַ־ציע, איז אַבוואָל די אָרגאַניזאַציע וועט באַשטיין בלויז פון אַרביי־טער, דאָך וועט יעדער פאַרשטענדליכער מענש זאָגען אַז דאָס איז ניט קיין אַרבייטער אָרגאַניזאַציע (מ'קען זי אָנרופען אַן אָרגאַני־זאַציע פון אַרבייטער). אַן אַרבייטער אָרגאַניזאַציע קען נאָר יעמאָלט אָנגערופען ווערען מיט דעם נאָמען, ווען זי, די אָרגאַני־זאַציע, שטעלט זיך אַלס איר הויפּט אויפגאַבע די ענדליכע באַפרייאונג

פונ׳ם ארבייטער קלאס. אויב מיר שטעלען זיך אוועק אויף דעם דאזיגען שטאנדפונקט, אזוי וועט פאר דעם לעזער זיין זייער לייכט צו פארשטיין דעם אונטערשייד פון די רעוואלו־ציאנערע סאציאליסטען אדער קאמוניסטען ביז די קליינבירגער־ליכע סאציאליסטען. די ערשטע באטראכטען די מאסען־ארגאני־זאציעס פון דעם ארבייטער קלאס אויף וויפיל זיי פירען זייער טעטיגקייט און טאקטיק אין איינקלאנג מיט די אינטערעסען פון דער סאציאלער רעוואלוציע. דאס הייסט, אז די גרויסע יוניאנס אדער אנדערע ארבייטער ארגאניזאציעס דארפען זיך שטעלען אלס הויפט אויפגאבע ניט די קליינליכע און נישטיגע פארבעסערונגען פונ׳ם ארבייטער׳ס לאגע אין די גרענעצען פון דער קאפיטאליס־טישער געזעלשאפט, נאר דארפען לייגען דאס הויפטגעוויכט אויף דער רעוואלוציאנערער ערציאונג און בילדונג פון אירע מיטגלי־דער, זעען צו העלפען און שטיצען, סיי דורך געלד־מיטלען, סיי דורך מאסען־אקציאן די פאליטישע ארגאניזאציעס פונ׳ם ארביי־טער קלאס, וואס שטרעבט איינצוכאפען די פאליטישע מאכט אין אירע הענט — די קאמוניסטישע פארטיי. אין אנדערע ווערטער, די ארבייטער ארגאניזאציעס טארען זיך ניט שטעלען אלס א ציל די זאגענאנטע פארבעסערונגען פאר דעם ארבייטער אין דעם קאפיטאליזם, נאר דארף שטרעבען צו קעמפען געגען קאפיטאליזם, און אנווענדען אלע מיטלען צו דערנעענטערען דעם ארבייטער׳ס קאמף פאר פאליטישע מאכט.

א גאנץ אנדערן בליק און אפשאצונג איבער די ארבייטער ארגאניזאציעס האבען די קליינבירגערליכע סאציאליסטען. זיי, די סאציאל־אפארטוניסטען, באטראכטען די יוניאנס און אנדערע ארבייטער ארגאניזאציעס אויף וויפיל זיי קענען פארבעסערען דעם ארבייטער׳ס לאגע, איצט אונטער דעם קאפיטא־ליזם. דאס קריגען א דאלאר מער שכירות, א האלבע שטונדע וויניגער ארבייטס־צייט, און ווער שמועסט נאך, אז דער ארביי־טער שפארט אפ א שטיקעל קרקע פאר זיך און פאר זיין פאמיליע נאכ׳ן טויט, איז דאס שוין א גוואלדיגער גליק. מיט אייןווארט, די קליינליכע און נישטיגע פארבעסערונגען פון דעם ארבייטער קלאס אין די ראמען פון דעם קאפיטאליסטישען שטאט איז זייער

הויפט אויפגאבע און העכסטער ציל. דער קאמף פאר דער סאַ־ציאלער רעוואלוציע, פאר דער ענטגילטיגער באפרייאונג פונ'ם ארבייטער קלאס ווערט ביי זיי אפגעלייגט עד שיבא אליהו....

איצט, אז מיר זיינען שוין באקאנט מיט די צוויי פארשיידענע אנטגעגענגעזעצטע מיינונגען בנוגע צו די מאסען ארבייטער אר־גאניזאציעס, ווילען מיר פרובירען א קוק טאן צי דער ארבייטער רינג ערפילט אפילו די אויפגאבען און צילען פון די קליינבירגער־ליכע סאציאליסטען.

אין גאנץ מערב־אייראפא פלעגען די סאציאל־אפארטוניסטען אויסנוצען אלע מאסען־ארגאניזאציעס פון די ארבייטער פאר קול־טורעלער טעטיגקייט. די דייטשע סאציאל־דעמאקראטיע פלעגט זאגאר אין די גימנאסטיק און וועלאסיפעדען פאראיינען אנפירען איר אגיטאציע. היינט די ברייט־פארצווייגטע קולטורעלע ארבייט פון די ארבייטער־ארגאניזאציעס גופא: די פאלקס־אוניווערזיטעטען, קינדער־שולען, א פאפולערע וויסענשאפטליכע ליטעראטור און אלע אנדערע קולטורעלע געביטען, וואס פלעגט ממש אויפרודערען גאנץ דייטשלאנד.

וואס זעען מיר דא? דער ארבייטער רינג איז איינער פון די מעכטיגסטע ארגאניזאציעס פון די היגע אידישע ארבייטער. ער פארמאגט א גרויסען און ברייט־פארצווייגטען ארגאניזאציאנס אפאראט, האט שטענדיג צו דינסט ריזיגע סומען געלד, וואלט דאך געקענט נאטירליך, ווען ער זאל זיין באזעלט מיט דער גרויסער אויפגאבע, וואס אים שטייט פאר, ממש וועלטען איבערקערען! ער האט נעדארפט אם וויינינסטען געבען עפעס איצט פאר זיינע מיטגלידער אויף וויפיל עס איז מעגליך פאר אזא ארגאניזאציע אין די גרעניצען פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, מיט אזעלכע ריזיגע מעגליכקייטען: מען האט נעקענט האבען א שטענדיגען פאלקס־אוניווערסיטעט מיט די בעסטע לעקטארס, אנטוויקלען א גרויסען אידישען פארלאג מיט די בעסטע ביכער, אוועקשטעלען די קינדער ערציאונג אויף א הויכע אנטוויקלונגס־שטופע און בכלל אנפירען א ברייטע און טיפע קולטור ארבייט צווישען די היגע אידישע ארבייטער מאסען. אבער וואס זעען מיר אין דער אמת'ן? מען ניט ארויס א פאר ביכלאך אין א יאר איבער פארשיידענע

טעמעס, מען באנוגענט זיך מיט א פּאָר צואוואָרפענע רעפעראטען, מען וואַרפט צו א פּאָר סענט די אייביג זיך מוטשענדע ארבייטער רינג שולען און דיינו! היינט ווען מען נעמט נאָך אין אמבאטראכט די זעקס הונדערט עקזעקוטיוו קאָמיטעס און קאָמיטעלאך פון די ארבייטער רינג ברענטשעס, וואָס פארנעמען זיך מיט בעלער און אנדערע פארוויילונגען — ווען אָט די קאָמיטעס וואָלטען בעסער געשטאַנען צום דינסט פון דער טאָג־טעגליכער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאנדא, אָה, וואָס פאר א ריזיגע רעוואָלוציאָנערע קראַפט מיר וואָלטען יעמאָלט באזעסען!

פאַרוואָס זשע ערפילט ניט דער ארבייטער רינג אפילו זיינע ענגע און באַגרענעצטע אויפגאבען? פארוואָס האָט זיך דאָרט אויסגעבילדעט א קליקע, וואָס איז איינע פון דעם „חוט המשולש“ מיט דעם „פאָרווערטס“ און די אידישע געווערקשאַפטען? דאָרויף איז פאראן איין ענטפער: די פירערשאַפט פון דעם ארבייטער־רינג באשטייט מערסטענטיילס פון דערזעלבער ארבייטער אריסטאָקראַטיע, וואָס פארנעמט דעם אויבען־אָן פון די הינגע „קאָנסערוואטיווע טרייד־יוניאָנס און דער קליינבירגערליכער סאָציאַליסטישער פארטיי.

עס וועלען זיך געווים געפינען חכמים וואָס וועלען פרעגען: אויב די מיטגלידער פונ׳ם ארבייטער רינג זיינען ניט צופרידען מיט זייערע פירער און פארשטייער, היינט פארוואָס זשע ערוויילט מען זיי? איז דער תירוץ, אז די פירער און טאָן־געבער פונ׳ם ארבייטער רינג ווענדען אָן דיזעלבע מעטאָדען און מיטלען — צו בלייבען אין זאָטעל — ווי די וואָס שטייען ביים רודער פון דעם קאַפּיטאַליסטישען שטאַט. אזוי ווי יענע באזיצען זיי א גוואַלדיגען אפּאַראַט וואָס שטייט שטענדיג צו זייער דינסט. זיי האָבען א גרויסע טעגליכע צייטונג, אין זייערע הענט זיינען אַלע געלד־מיטלען, זיי פארמאָגען דעם שליסעל צו די ארגאניזאציעס און פארפלייצען זיי מיט צירקולארען, זיי שיקען ארוים די רעדנער, וואָס האַלטען, נאַטירליך, פאר זייער זייט. און גאָר פאר א נויט, לעבען מיר דאָך עפּעס אין דער „דעמאָקראַטישער“ אמעריקא, וואו מען קען דערשטיקען יענעמס מיינונג מיט גוואַלד (א סטים־ראָלער בלע״ז) און דאָס ווערט שטאַרק באנוצט, צו קיין גנאי זאָל זיי ניט

זיין, פון די פירערס פון ארבייטער רינג, ווי נאר זיי באמערקען, אז די רעוואלוציאנערע עלעמענטען הויבען אן צו האבען א ווירקונג. אזוי האבען זיך די פירער פון ארבייטער רינג שטארק דערשראקען בשעת עס האט נעקאכט אין א. ר. די „יונגע" און „אלטע" פראנע, דערנאך די מעשה פעטערסאן, וואו די פירער פון ארבייטער רינג האבען פארטיידיגט פאבריקאנטען און סקעבס א. ד. גל. דערצו דארף מען נאך נעמען אין אמבאטראכט, אז א גרויסע און גאנץ באדייטענדע צאל מיטגלידער פון ארבייטער רינג באשטייט פון קרעמער, הענדלער, פאבריקאנטען, פארלייטע, אגענטען און אנדערע קליינבירגערליכע עלעמענטען, וואס איבען אויס א גוואלדיגען איינפלוס אויף דעם ארבייטער רינג. דארום איז גאנץ נאטירליך, וואס די גאנצע טעטיגקייט פון אזא ארגאניזאציע מוז דאריבער טראגען א קליינבירגערליכען כאראקטער.

אבער — טענה'ן אנדערע — אז דער ארבייטער רינג קען שפילען א באדייטענדע ראלע נאך דער סאציאלער רעוואלוציע, ווען די פאליטישע מאכט ווערט פארכאפט פונ'ם ארבייטער קלאס און עס הויבט זיך אן די ווירטשאפטליכע רעקאנסטרוקציע אויף קאמוניסטישע יסודות, יעמאלט, זאגען זיי, קען דער ארבייטער רינג שפילען א גרויסע ראלע אין דער ווירטשאפטליכער איבערבויאונג פון דער נעזעלשאפט. דאס איז א קארדינאלער טעות, ווייל דער ארבייטער רינג פארנעמט ניט קיין עקאנאמישע פונקציע אינ'ם געזעלשאפטליכען לעבען, וואס מ'זאל אים קענען אויסנוצען אין דער ווירטשאפטליכער איבערבויאונג פון דער געזעלשאפט, נאכדעם ווי די פאליטישע מאכט וועט זיין ערָאבערט. די יוניאנס, למשל, וועלען דארפען באלד נאך דער ערשטער שטופע פון דער סאציאלער רעוואלוציע, איבערנעמען די פאבריקען אין זייערע אייגענע הענט און פארוואלטען זיי, די קאאפעראטיוון וואס עקזיסטירען און טראגען אן עקאנאמישען כאראקטער, וועלען דארפען פירען דעם מקח וממכר לעבען פון דער געזעלשאפט. אבער וואס פאר א פונקציע קען האבען דער ארבייטער רינג? ארבייטער פארזיכערונג וועט זיכער יעמאלט זיין דורכגעפירט דורכ'ן שטאט. בלייבט נאר איבער די איינציגע פונקציע פון דעם ארבייטער רינג צו באגראבען מענשען — דאס זיינען מיר זיי מוחל מיט'ן גאנצען הארצען.

פון דעם אַלעם איז אָבער נאָך ניט געדרונגען, אַז די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען אָדער קאָמוניסטען דאַרפען באָיקאָטירען דעם ארבייטער רינג און זיך מיט אים אינגאַנצען ניט פאַראינטערעסירען. ניין, דאָס פאַר קיין פאַל ניט. פאַרקערט, די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען **דאַרפען אַן אַנטייל נעמען אינ׳ם ארבייטער רינג און זעען אויסצונוצען די ברענטשעס פון ארבייטער רינג פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדאַ און אַגיטאַציע**, פאַרוואַנדלען דעם ארבייטער רינג אין אַ קוואַל פון פינאַנציעלער און מאָראַלער שטיצע פאַר דעם פּראָלעטאַרישען קאַמף פאַר מאַכט, זען, אַז די האַנדלונגען און טאַטען פונ׳ם ארבייטער רינג זאָלען שטענדיג זיין דירעקט פאַרבונדען מיט דעם נאַציאָנאַלען און אינטערנאַציאָנאַלען קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פונ׳ם ארבייטער קלאַס.

# עם הארצות, גדולים און „בילדונגס״־טעטיגקייט.

ווער עס באַאָבאַכטעט די היגע אידישע ארבייטער באַוועגונג, באַמערקט אַ מערקווירדיגע ערשיינונג: פון איין זייט איז די היגע אידישע ארבייטער באַוועגונג אַ גרויסע, אַ ברייט־פאַרצווייגטע. די אידישע יוניאָנס פאַרמאָגען צענדליגער און הונדערטער טויזענדער מיטגלידער און האָבען געבראַכט אַ סך מאַטעריעלע פאַרבעסערונגען פאַר זייערע מיטגלידער. און פון דער צווייטער זייט ווערט איר אָבער אין קיין לאַנד אין דער וועלט ניט טרעפען אַזאַ עם הארצות, אַזאַ אומוויסענהייט אין דער דאָרטיגער אַרבייטער באַוועגונג ווי ביי אונז.

דאָס עם הארצות און גראָביאַנסטוואָ הערשט ניט נאָר צווישען דער ברייטער אידישער ארבייטער מאַסע, נאָר אויך די זאָגענאַנטע וואָרט־פירער און טאָן־געבער פון אונזער היגער אידישער אַרבייטערשאַפט צייכענען זיך אויס מיט זייער גרויסער עם הארצות אויף אַלע געביטען פון'ם געזעלשאַפטליכען לעבען. ווען איר נעמט, למשל, אַ היגען אידישען טרייד־יוניאָן פירער, אַן אָרגאַנייזער פון דער אידישער סאָצ. פעדעראַציע, אָדער פון ארבייטער רינג און פּרואווט אים פאַרגלייכען מיט אַ פירער פון דער דייטשער, בעלגישער, רוסישער ארבייטער באַוועגונג, אַזוי ווערט איר איינפאַך נשתומם! דאָרטען אין אייראָפּאַ באַזיצען די פירער (אפילו די געלע) פון דער אַרבייטערשאַפט אינטעליגענץ, באַוואוסטזיין, אַ באַשטימטע וועלט־אַנשויאונג און אויסגעהאַלטענקייט. ווערענד ביי אונז איז דער יעניגער, וואָס האָט אַ געזונטע געמבע צו שרייען הויך און איז שטאַרק באַהאַוועגט אין די „פּאָינטס אָוו אָרדערס״, דער ווערט אַ פירער, אַ וואָרט־זאָגער.

אויך אין אייראָפּאַ איז נאָך די מאַסע זעהר רוי און גראָב. — דער אַרבייטער־קלאַס האָט נאָך ליידער, ניט די מעגליכקייט צוליב די עקאָנאָמישע צושטענדען און פילע אַנדערע אורזאַכען

— זיך זעלבסט אויסצובילדען, פארטיפען זיך אין פארשידענע פראבלעמען און געבען אויף זיי אן ענטפער. אבער דארטען, אין אייראפא, האט זיך אויסגעבילדעט א גרויסע פראלעטארישע אינ־טעליגענץ וואס איז מיט טויזענדער פעדים צונויפגעבונדען מיט דער מאסע און זיי, די ארבייטער, האבען א גוואלדיגען צוטרוי צו אט דער דאזיגער אינטעליגענץ. איבעראל, אין אלע לענדער, ווייסען די איינפאכע ארבייטער, אז זיי דארפען זיך לערנען און צו־הערען צו די יעניגע, וואס האבען שטודירט, געלערענט און זיינען באקאנט מיט א געוויסען געגענשטאנד (און אפטמאל הערען זיי זיך שוין צופיל צו!). ביי אונז אבער האלט זיך יעדער גראבער יונג, יעדער עם הארץ פאר א גאנצען למדן און קוקט נאך קרום אויף דעם יעניגען וואס וויל אים לערנען, וואס ווייסט מער פון אים. איר וועט אפטמאל הערען, ווען אן אינטעליגענטער ארביי־טער באהאנדעלט א פראגע אויף א יוניאן מיטינג, אדער אויף אן אנדער ארבייטער פארזאמלונג אביסעל טיפער, אזוי ווערט א בורטשערייי צווישען דער מאסע און פילע פון זיי שרייען אויס: „וואס שטייט ער און האקט א טשאיניק!" „וואס נודיעט ער!" עפעס איז איינגעווארצעלט אין דער מאסע א מין אינערליכע שנאה צו אלע די יעניגע, וואס לעזען א סך, גריבלען זיך אין סאציאלע פראבלעמען און זיינען באהאוועט אין די קליינע אות'לעך.

פארוואס איז דאס אזוי? א תירוץ אויף דעם איז שווער צו געפינען, אבער מען מוז זאגען, אז א גרויסען חלק אין דער אומווי־סענהייט און עם הארצות פאלט אויף דער היגער זאגענאנטער אי־דישער סאציאליסטישער אינטעליגענץ. זי, די אינטעליגענץ, האַ־בען באוואוסטזיניג, אדער אונבאוואוסטזיניג, יארענלאנג פ א ר־ד א ר ב ע ן א ו ן ו ו א ו ל ג א ר י ז י ר ט ד ע ם ח ש ק א ו ן ג ע פ י ל פ ו ן ד י ה י ג ע א י ד י ש ע א ר־ב י י ט ע ר ז י ך ז ע ל ב ס ט צ ו א נ ט ו ו י ק ל ע ן. די דאזיגע ווערטער מעגען קלינגען ווי א פאראדאקס, אבער דאס איז, ליידער, א ביטערער אמת.

און ווירקליך ווען מען קוקט זיך גוט צו, צו דער היגער אידי־שער סאציאליסטישער אינטעליגענץ, וועלכע באשטייט מערסטענ־טיילס פון שרייבערלאך, דאקטוירימלאך, און קליינע לאיערס, אזוי

וועט מען באמערקען, אז זיי בילדען, אזוי צו זאגען, א באזונדערע קאסטע וואס ווערען באצייכענט אונטער'ן נאמען: „גדולים“. יעדער איינער פון זיי, וועלכער איז א גאנץ מיטעלמעסיגער מענש האלט פון זיך זייער פיל, בלאזט פון זיך און קרוינט זיך אליין פאר א גדול און וואלט געוואלט אז די היגע אידישע ארבייטער זאלען אים כאטש אנשיטען פולע קעשענעס מיט געלד, זאלען זיך בוקען און קניען פאר אים. די היגע אידישע סאציאליסטישע אינטעליגענץ איז שטענדיג אפגעריסען פון דער מאסע, האט געקוקט פון אויבען אראפ אויף דער ארבייטערשאפט און אין א געוויסען זין זאגאר פאראכטעט די גאנצע אידישע ארבייטער באוועגונג. אין קיין ארבייטער באוועגונג בילדען ניט די אינטעליגענץ און די מאסען אזוינע צוויי וועלטען, רעדען ניט אויף צוויי באזונדערע שפראכען, ווי אין דער אידישער אמעריקא.

עס איז אן אלטער כלל, אז אויב די אינטעליגענץ פון דער ארבייטער באוועגונג וויל געווינען דעם צוטרוי פון דעם ברייטען ארבייטער עולם, מוז זי, די אינטעליגענץ, זיין ארגאניש פארקניפט און פארבונדען מיט דער מאסע. זי מוז דורכמאכען גלייך מיט זיי זייערע פרייד־ען און ליידען. באזונדערס נייט דער כלל אן אויף דער היגער אידישער ארבייטער באוועגונג. ווארים די היגע ארבייטער באוועגונג באשטייט פון אלערליי עלעמענטען, וואס קומען פון פארשידענע לענדער מיט באזונדערע טראדיציעס, זיטען, א. ד. גל. און ווי איינפלוסרייך און שטארק די פראלעטארישע אינטעליגענץ זאל ניט זיין, קען זי נאר בלייבען דער הייווען פון דער באוועגונג. זי קען נור בילדען, אזוי צו זאגען, דעם פילבארען און לעבעדיגען נערוו פון דער ארבייטער באוועגונג. אבער זי מוז ציען איר יניקה, איר מאטעריעלע און מאראלישע השפעה פון די ברייטע ארבייטער־מאסען.

די סאציאליסטישע אינטעליגענץ אין רוסלאנד איז געווען באריהמט דורך זייער ענגער, ארגאנישער פארבינדונג מיט דער מאסע, און דער צוטרוי פון דער מאסע אין רוסלאנד צו זייער סאציאליסטישער אינטעליגענץ איז טאקע געווען אומבאגרעניצט.

ווי־זשע איז דאס אבער ביי אונז,

ווי א רוויטער שנור ציט זיך דורך אַנהויבענדיג פון דער טרייד־יוניאָן באוועגונג ביז צו דער סאָציאַליסטישער באוועגונג דער אומצוטרוי און פאַראַכטונג צו די גדולים. זי, די מאַסע, צאָלט מידה כנגד מידה. זי וויל ניט גלויבען דער היגער אידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ. און ס'איז קיין וואונדער! ווארים די גדולים באַטייליגען זיך קיינמאָל ניט אין דער רוטינער, טאָג־טעגליכער קאָנסטרוקטיווער ארבייט פון די ארבייטער ארגאַניזאַציעס, גלייך ווי חיים דער שוסטער, בעריל דער אָפּערייטאָר, אָדער משה דער סטאָליאַר.

אונזער היגע ארבייטער באוועגונג איז דארום איינגעטיילט אין צוויי קלאַסען: פון איין זייט די אינטעלינענץ—„די גדולים“, און פון דער צווייטער זייט — „די מאַסע“, וואָס ווערט באַצייכענט מיט'ן נאָמען משה...

אמת, די גדולים נידערן — אמאָל אין א יובל — אראָפּ פון זייער „קדשי קדשים“ צו דער מאַסע בשעת עס מאַכט זיך עפּעס א שמחה'לע, אָדער ווען די זאַגענאַנטע פירער פון א יוניאָן קענען זיך ניט ספּראַווען מיט דער רעוואָלטירענדער מאַסע און אמאָל גלאַט אזוי אריינכאַפּען אביסעל כבוד. נו, דאַרף מען טאַקע הע־רען, ווי אזוי די מאַסע דריקט אויס איר האַס און צאָרן צו די גדולים אויף פאַרשידענערליי אופנים, ווי „אַט גייט שוין דער נוד־ניק!“, „ווער דאַרף אים!“, א. ז. וו.

די מאַסע, אָדער „די משה'ס“, קענען זיך אָבער ניט איינ־שליסען אין א קיבעצאַרניע, וואו מען פּלוידערט איבער אַלעס און אַלעמען. זיי האָבען געשאַפען זייערע אָרגאַניזאַציעס, וואו עס קאָכט און רוישט און זידט מיט'ן טאָג־טעגליכען לעבען און אזוי ווי די פּראָלעטאַרישע אינטעליגענץ איז פאַקטיש געווען אָפּגע־ריסען פון דער ארבייטערשאַפט, האָבען זיך געיאַוועט פון די אר־בייטער רייען א געוויסע צאָל מענשען, וואָס האָבען קליינליכע, פערזענליכע אמביציעס. מענשען, וואָס זיי זיינען אינגאַנצען פרעמד צו די גרויסע סאָציאַלע פראַגען פון אונזער צייט; מענשען וואָס קענען זיך ניט אָריענטירען אין די פאַרוויקעלטע פּראָבלע־מען, וואָס דאָס היגע לעבען שטעלט ארויס, אָבער זיי באַזיצען א געזונטען גאָרגעל און קענען הויך שרייען. זיי ווייסען אויך ווי אזוי

צו טויטען פּאָליטיש אַ געגנער, דורך אַלערליי דריידלאך און שמד־שטיק ווי „פּאַינטס אָוו אָרדערס“, „קוועסשטשענס“ און „אינפאָר־מיישאַנס“, א. ז. וו., און זיי — אַט די פּראַסטאַקעס און עם הארצים — פאַרנעמען איצט דעם אויבען־אָן און פירען די גרענ־דע אין אַלע היגע אידישע ארבייטער־ארגאַניזאַציעס.

און ווען מיר גיבען א קוק ווער עס זיינען די וואָרט־זאָגער און פירער פון דער היגער אידישער ארבייטערשאַפט; ווען מיר טראַכטען זיך אריין אַז טראָץ דער דרייסיג יעריגער סאָציאַליסטי־שער אַגיטאַציע אויף דער היגער אידישער גאַס, אַז אַ חוץ נארישע זעלבסטבאַרימעריי, איז די ברייטע מאַסע אַזוי רוי און גראָב, אַז די היגע אידישע ארבייטערשאַפט האָט נאָך ניט באַוויזען אין דער גאַנצער צייט פון איר עקזיסטענץ, ארויסצוגעבען פון אירע רייען גופא אַ געוויסע צאָל אמת'ע פּראָלעטאַרישע אינטעליגענטען, וואָס זאָלען שטיין אָן דער שפּיצע פון דער היגער ארבייטערשאַפט — ווערט זייער קאָלאָמוטנע אויפ'ן הארצען. מען דאַרף ניט פאַר־געסען, אַז אין דער צייט פון דער רוסישער „שטורם און דראַנג פּעריאָדע“, וואו עס איז אויסגעקומען די סאָציאַליסטישע ארבייט אנצופירען אונטער די שרעקליכסטע און אומערטרעגליכסטע באַ־דינגונגען פון דער רוסישער פּאָליציייאישער ווילקיר, איז דאָרט פונדעסטוועגען אויסגעוואַקסען אַ אידישע סאָציאַליסטישע אינ־טעליגענץ. האָט זיך אנטוויקעלט פון די פּראָלעטאַרישע רייען אַ היבש ביסעל טאַלאַנטען אלס שרייבער און רעפערענטען. אי, ווענט איר זאָגען, אַז אין רוסלאַנד איז געווען אַן אומגעוויינליכע צייט, עס איז דאָרט געשאַפען געוואָרען געשיכטע יעדע מינוט און מען קען דארום פון אַזאַ אויסערגעוויינליכע צייט קיין באַווייז ניט ברענגען. נו, שטייט פאַר אונז אלס לעבעדיגער ביישפּיל — גאַ־ליציען, דאַס לאַנד, וואו עס האָט די גאַנצע צייט געהערשט אַזאַ שרעקליכע עקאָנאָמישע און קולטורעלע אָרימקייט, און דאָך האָט זי פאַר דעם לעצטען צענדליג יאָר ארויסגעגעבען פון זיך אַ גרויסע צאָל פּראָלעטאַרישע אינטעליגענטען. עס איז גענוג אָנצואווייזען אויף אַזעלכע פּראָפּאַגאַנדיסטען, ווי גראָסמאַן, קיסמאַן, שרייבער, שוועבער און אַנדערע. נור דאָ, אין דער אידישער אַמעריקאַ, וואו די זאָגענאַנטע פירער האַלטען זיך אין איין פּאַטשען אין

בייבעל וועגען זייערע גוואלדיגע אויפטואונגען, באגעגענען מיר אזא גייסטיג־ארימען צושטאנד אין אונזערע רייען.

נו, האבען זיך פאר דער לעצטער צייט געפונען מענשען, וואס האבען זיך מרחם געווען אויף דעם אידישען ארבייטערס נשמה און ווילען אים אריינפאמפען אביסעל קולטור. מילא, ווען די דאזיגע ארבייט — אויסצואיידעלען און צו אנטוויקלען די אידישע ארבייטער — וואלט געטאן געווארען פון מענשען, וואס זיינען ערנסט און פאראנטווארטליך און וייסען ווי אזוי די זאך איינצור־ארדנען, וואלטען מיר זיי געקאנט נאר באגריסען. אבער, ליידער, איז א גוטע אידייע אריינגעפאלען אין זייער שלעכטע הענד.

פאר אונז ליגט די קורצע באריכטען פון דער טעטיגקייט פון דער „יונייטעד לייבאר עדיוקיישאנאל קאמיטע", און פון דער „עדיוקיישאנאל ארבייט פון דער אינטערנייישאנאל ליידיס גאר־מענט ווארקערס יוניאן". און עס איז איינפאך צו באוואונדערען, ווי אזוי דער טשערמאן פון די יונייטעד לייבאר עדיוק. קאמ., מר. בודיש, און די וויס־פרעזידענטין, מיס פאניע קאהן, פון דער אינט־ליידיס גארמענט ווארקערס יוניאן, אדווערטייזען אזוי גרויס און אזוי ברייט וועגען די גוואלדיגע אויפטואונגען פון זייערעביידע בילדונגס־קאמיטעטען!

אונז איז גראד באקאנט מיט זייער טעטיגקייט און אט ווי אזוי די ארבייט פוןביידע עדיוקיישאנאל קאמיטעטען פלעגט גע־טאן ווערען. אלע קלאסען און דער גרעסטער טייל לעקטשורס, וואס פלעגען, אגב אורחא, זייער וועניג באזוכט ווערען, איז גענע־בען געווארען אין דער ענגלישער שפראך. די ענגלישע לעקטשו־רערס פלעגען פריידיגען דעם הונדערט פראצענטיגען אמעריקא־ניזם און עס איז שטענדיג אונמעגליך געווען צו פירען א דיסקו־סיאן אדער פרעגען פראגען, ווייל דער לעקטאר פלעגט גלייך נאכ'ן „אפזאגען" אנטלויפען. און די קלאסען ווידער, פלעגען די לערערס געבען צו פילען די תלמידים, אז זיי טוען דאס אויס רחמנות נעבעך צו דעם אומוויסענדען אימיגראנט, וואס מען דארף אים מאכען פאר אן אמת'ן אמעריקאנער. היינט ווי אזוי די עדיוקיי־שאנאל ארבייט איז אנגעפירט געווארען אין אידיש צווישען די אידישע מאסען איז דאך איינפאך צום שטוינען! די יונייטער

לייבאר עדיוקיישאנאל קאמיטע פלעגט אמאל שיקען צו א ביזנעס מיטינג פון א יוניאן א סעקאנד הענדיגען לעקטאר, וואס פלעגט רעדען איבער פייער און וואסער א האלבע שטונדע צייט. און אזוי ווי מען האט נאך געדארפט פארהאנדלען דעם געוויינליכען טאג־ארדנונג פון דער יוניאן, פלעגט דער פארזיצענדער גלייך נאכ'ן לעק־טשור אויסדריקען א דאנק דעם לעקטשורער און געבען א געשריי: דאמיט פאסירט און גענוג! אין אייראפא, ווען די ארגאניזירטע ארבייטער פאראנשטאלטען לעקטשורס, ווערט דאס ביי זיי איינ־געטיילט אין אזעלכע מינים קורסען, וואו יעדער באזוכער, וואס גייט דורך דעם קורס, באקומט א גענוגענדען באגריף וועגען דעם געגענשטאנד, וואס דארט ווערט געלערנט. ביי אונז אבער ווערט אלעס געטאן אן א טאלק, אן א סדר. יעדער לעקטאר רעדט איבער צענדליגע טעמאס. היינט הערט איר וועגען פרייע ליבע, מארגען איבער דעם טעאטער, און א דריטען טאג וועגען וואס וועט זיין נאך דער סאציאלער רעוואלוציע, א. ז. וו. און נאך א זאך: דער לעקטאר פארבינדט ניט זיין לעקטשור מיט די טאג־טעג־ליכע פראגען פון אונזער לעבען, נאר פארנעמט זיך מיט אבסטראק־טע טעאריעס. אז איר וועט נעמען דאס אלעס אין אמבאטראכט, קען מען פארשטיין, פאר וואס די מיטגלידער אין די יוניאנס ווייזען ניט ארויס קיין ברעקעל אינטערעס צו דער גאנצער ארבייט פון די זאגענאנטע בילדונגס־קאמיטעטען און מען גיט זיי מאטע־ריעלע שטיצע פונקט אזוי ווי מען ווארפט צו א פאר דאלאר צו א געוויינליכער פילאנטראפישער אנשטאלט.

ניט אָפּלאַכען, ניט באַוויינען,
נאָר פּראָבירען פאַרשטיין.
ב. שפּינאָזא.

# די מאַטעריעלע און גייסטיגע קולטור און די היגע אידיש־סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ.

ווער עס באָאָבאַכטעט גוט דאָס אידישע ארבייטער לעבען, באַמערקט אַ מערקווירדיגע ערשיינונג: די נאָר גרויסע אידישע מאַסע איז אריינגעטאָן מיט לייב און לעבען אין דער מאַטעריעלער קולטור און זייער אַ קליינע צאָל איז פאַראינטערעסירט און גיט זיך אָפּ מיט דער גייסטיגער קולטור.

נאָך מער: אַ היבשעל טייל פון זיי, וואָס גיבען זיך שוין יאָ אָפּ מיט דער גייסטיגער קולטור — האָבען אין זינען פּערזענליכע אמביציעס, וואָס איז ניט בעסער פון קליינשטעדטעלדיגע גבאות און גלאַט נאָכטאַנצען נאָך דער מאָדע.

נאָר לאָמיר קודם כל, פּרובירען דערקלערען וואָס איז אזוינס די מאַטעריעלע און גייסטיגע קולטור.

געוויינליך, ווערט ביי פילע פון אונז געברויכט דאָס וואָרט „קולטור" אין אַ זייער ענגען און שמאָלען באַגריף, אין דעם זין בלויז פון גייסטיגע ווערטען פון מענשליכער שאַפונג, ווי למשל: ליטעראַטור, זינגען, שפּילען, מאָלען און אַנדערע קונסטען, שאַפונ־גען און פעהיגקייטען, וואָס האָבען באַשטימטע גייסטיגע ווערטען — אָטאָ דער דאָזיגער באַגריף וועגען קולטור איז אבער אין גרונד גענומען אָן איינזייטיגער.

אונטער דעם וואָרט קולטור ווערט פאַרשטאַנען, אַז אַלע פאָר־מען פון סאָציאַלען, עקאָנאָמישען, פּאָליטישען און נאַציאָנאַלען לע־בען, און זאָגאַר די רעליגיעזע באַגריפען און עטישע פּרינציפּען — מיט איין וואָרט, אַלעס וואָס דער מענש האָט ערוואָרבען, אין קאַמף פאַר'ן לעבען, צוזאַמען מיט פילע אַנדערע מענשען; אַלע געווינסען

און געניסען וואס מיר האבען אין דער היינטיגער ציוויליזאציע, וואס מאכט דאס לעבען שענער, באקוועמער, בעסער און אינטע־רעסאנטער, ווי, צום ביישפיל, די טעכניק, די דרוק־ארבייט, קאָ־מוניקאציאנס־מיטלען א. ד. גל. — דאס אלעס איז קולטור. אין אלגעמיין אבער ווערט די קולטור איינגעטיילט אין צוויי טיילען: די מאטעריעלע קולטור און די גייסטיגע קולטור.

איצט לאמיר אויף א ווײַלע א שפּאציר געבען איבער דער אמעריקאנער מאטעריעלער און גייסטיגער קולטור.

אמעריקא איז אין אלגעמיין א לאנד וואו די מאטעריעלע קול־טור האט איבערגעוואויגען די גייסטיגע קולטור. אין קיין לאנד אין דער וועלט (מיט דער אויסנאמע פון דייטשלאנד, וועלכע איז צוליב איר נידערלאגע אין דער מלחמה אינגאנצען צוקריפּעלט געווארען) איז ניט אזוי הויך אנטוויקעלט די טעכניק אין דער אינ־דוסטריע, די אלערליי סארט מאשינעריי אויף אלע געביטען פון מענשליכער פּראָדוקציאָן, אזוי ווייט און ברייט פארשפּרייט און פארצווייגט די טעלעגראף און טעלעפאָן פארבינדונגען; די אנ־ווענדונג פון עלעקטריציטעט און אויטאמאביל־יאגעניש, ווי אין די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא.

אין קיין לאנד אין דער וועלט וועט איר ניט טרעפען אזא מין להוט'קייט, נײַנעריגקייט און וועלען „ארײַנכאפּען", אנשעפּען זיך און געניסען פון דער מאטעריעלער קולטור, ווי אינ'ם הינען לאנד.

דעם אמת געזאגט, מאכט דאס היגע לעבען אויף דעם איירא־פּעאישען אינטעליגענט זייער א פריקרען און אונאנגענעמען אײַנ־דרוק. און ווירקליך. ווען איר ווילט זיך אויף א ווײַלע אוועק־שטעלען אָן א זייט און רואיג, אלס א זייטיגער באאבאכטער, א קוק געבען אויף דעם היגען, קאכיגען, רוישיגען, שומענדיגען לע־בען, וואו אלע, וואס געפינען זיך אין די היגע מאדערנע בבל'ן, האווען און שמייען, יאגען זיך און ווילען אריבערשפּרינגען איינער דעם אנדערן אין אלע פלעצער און אויף אלע אופנים — מאכט עס אויף אייך דעם איינדרוק, ווי א שד לויפט פאראויס נאשפּיץ. און אלע מענשען, וואס געפינען זיך אינ'ם היגען קעסעל־גרוב, ווילען אים דעריאגען. קויפט איינער אן אויטאמאביל, אזוי שטרענגט זיך אן מיט אלע מעגליכקייטען זיין שכן, אדער דער וואס סומט

מיט אים אין באַרירונג אויך דאָסזעלבע צו טאָן. בייט איינער די מעבעל פון הויז, אַזוי בייטען די איבעריגע. ציט זיך אַ פאַמיליע ארויס אין שיינע גרויסע צימערן, סטאַרען זיך אַלע שכנים נאָכ־צוטאָן דאָסזעלבע. עס איז אַ מין וועט־לויף, ווער וועט ווערען אריבעריאָגען צו געניסען פון דער מאטעריעלער קולטור. און אַטאַ דער ווילדער יאָגעניש און נאָכטאַנצעניש בנוגע דער מאַטעריעלער קולטור גייט אָן אין אַלע היגע קרייזען, שיכטען און קלאַסען.

נאָך מער: אין קיין לאַנד אין דער וועלט זיינען די מענשען ניט אַזוי פארשקלאַפט צו דער מאָדע (סטייל בל"עז), ווי אין אונ־זער היגער מדינה. אויך אין איירפּאַ זיינען מענשען פאַרליבט אין מאָדעס, אויך דאָרטען גייט מען שיין און נעט געקליידעט. אָבער דאָרטען האָבען די מענשען און זייער קליידונג ווי אין דער איינאָרדנונג פון זייער לעבען אַ גוסט, אַ עסטעטישען געשמאַק, ווערענד דאָ גייען כמעט אַלע אין איין און דיזעלבע פאָרמע קליי־דער, ווי פון אַ פורם אויסגעגאָסען, וואוינען אין ענליכע צימערן, קויפען אין איין און דעמזעלבען דעפּאַרטמענט־סטאָר און פירען זייער גאַנצען לעבען ווי לויט די צייכענס פון אַ געניטען דיריגענט. מיט איין וואָרט, דאָס איז ביי די מאַסע אַ באַשטימטער קולט. און טאָמער דערוועגט זיך איינער, חס וחלילה, — צו פירען זיך אַנדערש, גייען אַנדערש און האַנדלען ניט לויט די אָנגענומענע כללים פון דער מאַסע, אַזוי ווערט ער פאַרשריען אַלס „קאַיק", „אַ גרינאָרן". אַלס ניט קיין קולטורעלער מענש ווערט ער גוט אָנ־געמוסר'ט, דערמאָנענדיג אים, אַז דאָ איז אַמעריקאַ און דאָטס אָלל!

אין איירפּאַ הערט מען זיך שטאַרק צו צו די מיינונגען און געדאַנקען פון דענקער, פּאָליטישע טוער, וויסענשאַפטס־מענער און געלערנטע. די ברייטע מאַסע פלעגט מיט געשפּאַנטע אויפ־מערקזאַמקייט זיך צוהערען, וואָס האָט צו זאָגען וועגען די אָדער יענע סאָציאַלע, פּאָליטישע פראַגען אַ טאָלסטאָי, גאָרקי — אין רוסלאַנד, אַנאַטאָל פראַנס, זשאָרעס, ראָמען ראָלאָן — אין פראַנק־רייך, און אין אַנדערע לענדער צו אַנדערע געלערנטע און דענקער. ביי אונז איז דער עולם שטאַרק פאַראינטערעסירט צו וויסען וואָס זאָגט וועגען די אָדער יענע פראַגע דער געלד־זאַק. מען איז זייער

נייגירינ ווי אַזוי ענטפערט אויף אונזערע טאָג־טעגליכע פראַגען א רזשייקאָב שיף, א וואָנדערבילד, א גערי. און אַפילו די וואָס קענען דערלאַנגען א כמאָל אין קאָפּ און איבערדרייען זיך קאָזשעי־לאָק ווי א דעמפּסי און טשאַרלי טשאַפּלין, ווערען ביי אונז אַב־געשאַצט אַלס די גרעסטע מבינים איבער אַלע וועלט־פראַגען.

היינט ווען מען באַטראַכט מיט וואָס פאַר א גייסטיגע קולטור די היגע אַמעריקאַנער אַרבייטער ווערען געשטאָפּט טאָג איין, טאָג אויס, אַזוי ווערט זייער קאַלאַמוטנע אויפ׳ן האַרצען. די היגע טעג־ליכע צייטונגען — אַן אויסנאַם — איז שטענדיג פאַרנומען מיט סענסאַציעס, שונד און בלאָפס. אין די טעאַטערען ווערען געשפּילט אַלערליי זאַבאַבאָנעס און נאַרישע שטיק אַזוי, אַז „אונזער״ „חינקע פינקע״ איז דאָרט א שטיק קולטור. ווער שמועסט נאָך די וואָ־דעווילס און מואווינג־פּיקטשורס, — וואו די ברייטע מאַסע קוויקט זיך טאָג איין, טאָג אויס און ציט פון דאָרטען זייער גאַנצע גייס־טיגע יניקה — דאָרט ווערט גאָר אויסגעפּילט מיט ציניזשע און אומגעלומפּערטע זאַכען.

אמת, עס איז פאַראַן ביי אונז א פּאָר זשורנאַלען, וואָס פּרע־טענדירען צו זיין ראַדיקאַל, ווי „די ניישאָן״, „ניו רעפּובליק״, „דייעל״, איז דאָס ערשטענס אַזוי ווייניג, אַז מען זאָל זיי איבער־ציילען אויף די פינגער פון איין האַנד וועט נאָך בלייבען פינגער; און צווייטענס, איז דאָס זשורנאַלען אַן א באַשטימטער וועלט־אַנשויאונג, אַן א באַשטימטע ריכטונג. מען פּרעדיגט היינט איין זאַך און מאָרגען א צווייטע זאַך. נעכטען האָט מען זיך געבוקט פאַר ווילסאָנען, היינט ערקלערט מען אים אַלס משוגענעם. דאָ איז די „נאָן פּאַרטיזאַן ליג״ גוט, און דאָ האַנדעלט די סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי ריכטיג. מיט איין וואָרט, עס הערשט דאָרטען אַן אמת׳ער כאַאָס, א צושוואומענעס באַפּוצט מיט ראַדיקאַלעכץ. איר וועט אָבער דאָ באַין אופן ניט טרעפען ביי אונזערע העכסטע „קולטור טרעגער״ א זשורנאַל, וואָס זאָל גרינדליך אַנאַליזירען די סאָציאַל־פּאָליטישע פראַגען פון אונזער צייט, ווי, למשל, דאָס האָ־בען געטאָן די רוסישע זשורנאַלען: „ליעטאָפּיס״, „סאָוורעמעני מיר״ אָדער אַנדערע זשורנאַלען.

די היגע בורזשואַזיע, ווי די בורזשואַזיע פון אַנדערע לענדער,

נויטיגט זיך ניט אין דער גייסטיגער קולטור. זי האלט פון דעם כלל : „פאר מיר אלעם און נאך מיר מעג קומען א מבול“. פאר די ארבייטער ווידער, סטארעט זיך די בורזשואזיע מיט אלע מעג־ליכקייטען, אז זיי, די ארבייטער, זאלען זיין קולטורעל אבגעשטא־נען (ווייל אויב דער ארבייטער קלאס וועט קומען צום באוואוסט־זיין, וועט ער דאך ארונטערווארפען די בורזשואזיע פון טראן). די היגע בורזשואזיע ווענדעט אן אלערליי תחבולות און עצות איינ־צופלאנצען ביי די היגע ארבייטער אין די מוחות, פון וויגעלע ביז'ן קבר, אז אינ'ם היגען לאנד עקזיסטירען ניט קיינע שטאנדען און קלאסען ; אז זיי, די ארבייטער פארען אין איין אייזענבאן און קויפען אין איין און דעמזעלבען דעפארטמענט סטאר צוזאמען מיט די רייכסטע מענער פון לאנד ; מען האקט אריין אין די קעפ פון דער היגער מאסע, אז ראקעפעלער איז געווען א ניוס־באי און פרעזידענטען זיינען געווען ארבייטער אדער צייטונגס־אינגלאך. הכלל, די ארבייטער דארפען זיך ניט גריבלען. די וועלט און די איצטיגע געזעלשאפטליכע סיסטעם איז אויסגעצייכענט. ווי זינגט ערגיץ א לידעל : „גאט און זיין משפט איז גערעכט“...

איצט, אז מיר זיינען שוין פיל ווייניג באקאנט מיט דער היי־גער מאטעריעלער און גייסטיגער קולטור, וועלען מיר ווארפען א בליק צו אונזערע אייגענע אידישע ארבייטער, און וואס זעען מיר? אויך ביי אונזערע אידישע ארבייטער טרעפט איר דיזעלבע יאגע־ניש און דאס וועלען אריינכאפען און געניסען וואס מער פון דער מאטעריעלער קולטור. מען שטרענגט זיך אן מיט אלע כוחות צו לעבען אין די שענסטע צימערן און פלעצער, מען לויפט אויף דאטשעס, מ'זוכט אלערליי מאטעריעלע פארגעניגענס און פאר־ברענגונגען. און נאך מער קשה ווערט די זאך, וואס איר באמערקט די דאזיגע ערשיינונג ניט נאר ביי די געוויינליכע ארבייטער, נאר אויך ביי די געוועזענע און היינטיגע אידעאליסטען, סאציאליס־טען, רעוואלוציאנערען און אפילו קאמוניסטען, טאנצען מיט אין דעם אלגעמיינעם קאראהאד פון אריינשעפען וויפיל מען קען און עס לאזט זיך פון דער מאטעריעלער קולטור. און דאס איז פאר די לעצטע צייט געווארען אזא מין קראנקהייט, רחמנו לצלן, וואס שטערט אפטער די ארבייט פון פארשידענע גייסטיגע און רעוואַ־

לוציאָנערע אונטערנעמונגען און באַוועגונגען. אַזוי, למשל, קענט איר פאַר די לעצטע צייט אָפטער טרעפען, ווי אַ געוויסער וויכ־טיגער טוער אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס דאַרף אַדורכפירען אַ באַשטימטע ארבייט אין זיין אָרגאַניזאַציע, ווענט ער אייך אָפטמאָל אָפ׳פטר׳ן מיט די ווערטער: „איך פאַר היינט קיין קוני איילאַנד, אָדער אין אַנדער אַמוזירונגס־פּלאַץ, ענטווע־דער איך פאַר אינגאַנצען אַוועק אין קאַנטרי“. בייזע צינגער זאָ־גען אפילו, אַז ווען מען ווענט אַמאָל דאַ דאַרפען מאַכען באַריקאַ־דען, וועלען די „פּלעזשורניקעס“ בעטען אָפּצואוואַרטען מיט די באַריקאַדען, ביז זיי וועלען פאַרטיג ווערען מיט זייער „פּלעזשור“...

מיט וואָס ערקלערט זיך עס, וואָס אַ גרויסער טייל פון אונ־זערע אידישע אַרבייטער, וואָס זיינען אַהער געקומען פול מיט רוחניות, האָבען זיך דאָ אַלאַז געטאָן אויף די גשמיות׳דיגע זאַ־כען.

מ׳קען דערקלערען די דאָזיגע ערשיינונג אויף צווייערליי אופנים: ערשטענס, וואָס די היגע אידישע אַרבייטער קומענדיג פון רוסלאַנד, גאַליציען און רומעניען, וואו די טעכניק און די אינ־דוסטריעלע אַנטוויקלונג איז גוואַלדיג אָבגעשטאַנען און זייער ווע־ניג פון דער מאַטעריעלער קולטור איז דאָרטען אינגאַנצען געווען, אַריבערקומענדיג אַהער, וואו די מאַטעריעלע קולטור פינקעלט, גלאַנצט און בלענדט, האָבען זיי זיך אַריבערגעוואָרפען צום צוויי־טען עקסטרים און ווילען אָניאָגען און דערכאַפּען דאָס וואָס זיי האָבען ניט געהאַט אין זייער יוגענד אין דער אַלטער היים. צוויי־טענס, דאָס שווערע היגע אַרבייטער לעבען מיט דעם שטענדיגען לויפעניש, האָוועניש, בראַזגעניש, די אינטענסיווע און אָנגע־שטרענגטע אַרבייט אין דער פאַבריק גופא, פאַרטומלען אַזוי די מוחות פון די אַרבייטער, אַז זיי מוזען קריגען צושטרייאונג און עס מאַכט זיי ניט אויס אויף וואָס פאַר אַ אופן זיי קריגען דאָס.

זאָל מען אונז ניט שלעכט פאַרשטיין. מיר זיינען ניט געגען דער מאַטעריעלער קולטור. פאַרקערט, עס איז די אויפגאַבע פון יעדען דענקענדען מענש, און פון אַ רעוואָלוציאָנער בפרט צו שטרעבען און קעמפּען פאַר אַ בעסער און שענער לעבען אויף אַלע געביטען און אין אַלע פאָרמען, נאָר זייט ביי זייט מיט דער מאַ־

טעריעלער קולטור מוזען די ארבייטער זיך אנטוויקלען אויפ'ן נייס־טיגען געביט. ווארים ווען אונזער היגע אידישע ארבייטערשאפט וואלט געוועז געגוג גייסטיג ערצויגען און קולטורעל אנטוויקעלט, וואלט זי אפגעשאפט דעם כאאטישען ראדיקאלעכץ און „הפקר פעטרושקע“, וואס הערשען אזוי אונברחמנות'דיג אויף דער אי־דישער גאס. זי, די אידישע ארבייטערשאפט, וואלט אבגערייניגט די פאר'סם'טע לופט פון פוסטע בארימערייען און גדולים עפידע־מיע, וואס האט זיך, ליידער, ווי זשאווער איינגעגעסען אין דעם היגען לעבען.

אי, וועט איר דאך פרעגען: וואו־זשע זיינען פארט אהינ־געקומען די טויזענדער רעוואלוציאנערע אידישע סאציאליסטען און א היבשע צאל אידיש־סאציאליסטישע אינטעליגענץ, וואס האבען פאר דעם לעצטען צענדליג יאר אימיגרירט אינ'ם היגען לאנד? וואס טוען זיי צו דערהויבען דעם גייסטיגען מצב פון דער אידי־שער ארבייטער מאסע? זיי קען מען אויך איינטיילען אין פיר קאַ־טעגאריעס, אזוי צו זאגען. איין טייל האט דא געפונען א גוטע גע־לעגענהייט ארויפצוארבייטען זיך, שאפען פאר זיך א קאריערע, און א גרויסער טייל פון זיי האט דאס טאקע דערגרייכט. זיי זיי־נען געווארען דאקטוירים, אדוואקאטען, אינזשינירען, ערפאלגרייכע געשעפטסלייט, א. ז. וו. א צווייטע קאטעגאריע האט געמאכט פון דער באוועגונג א קרעמעל פאר זיך, נוצען אויס די אומוויסענ־הייט פון דער מאסע בדי אויסצומעלקען וואס מער פאר זיך, קו־קען אויף דעם גאנצען ארבייטער קלאס ווי אויף „צאן קדשים“, וואס דארפען נאך שרייען: „מע!“ — און חי — געלעבט אין אמעריקא! א דריטער טייל פירט א הארטנעקיגען קאמף געגען די סאציאל־פארעטער, וואס מאכען א לעבען פון דעם ארבייטער'ס פראצע און לייגען שטיינער אין דערזעלבער צייט אינ'ם ארביי־טער'ס קאמף פאר זיין באפרייאונג. און גאר א גרויסער טייל אידיש־סאציאליסטישע אינטעליגענץ קענען זיך באין אופן צו דעם היגען לעבען ניט צוגעוואוינען. זיי ווילען אויף קיינע קאמפרא־מיסען מיט'ן לעבען ניט מאכען, נאר קוויקען זיך מיט די שיינע, זיסע, ליכטיגע האפנונגען, וואס רוסלאנד לעבט איצט איבער.

# „פירער“ און פּרינציפּען, פּאָליטישענס און די מאַסען.

געוויינליך, ווען איר רעדט זיך פאַנאַנדער מיט אַ פירער פון אַ היגער יוניאָן, מיט אַ טוער פון אַרבייטער רינג אָדער מיט אַ לידער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, אַזוי וועט איר שטענדיג הערען פון זיי אַלעמען איין און דעמזעלבען פּזמון: „אַז צו אַרבייטען פאַר דער באַוועגונג לוינט זיך ניט, אַז מען אַר־בייט אומגעהויער שווער און מען באַצאָלט ניט גענוג פאַר דער אַרבייט“, און דאַביי וועלען זיי זיך אַלע שווערען ביי באָרד און פּאות, אַז זיי אָפּפערען זיך ממש לטובת הכלל און נעמען אַן דעם באַצאָלטען אַמט בלויז דערפאַר, וואָס זיי זיינען מענשען מיט פּרינציפּען און איבערצייגונגען און זיי טוען דאָס בלויז צוליב דעם אידעאַל.

נאָכמער: דער געלער "פאָרווערטס" קומט אַלע מאָל אַרויס מיט ערקלערונגען און אַרטיקלען, וואו מען האַלט אין איין באַזינ־גען און לויבען די זאַגענאַנטע „מאַרטירערשאַפט“ פון אונזערע אידישע אַרבייטער פירער, אַז זיי זיינען מענשען וואָס גיבען זייער גאַנצען „איך“ לטובת דער אַרבייטער באַוועגונג. הכלל, דאָס זיי־נען מענשען וואָס האָבען אין זינען בלויז רוחניות.

ווי איז דאָס אָבער אין דער אמת׳ן?

דער אמת איז, אַז כמעט די גאַנצע כאָפּטע יוניאָן־פירער און טאָן געבער פון אונזער איצטיגער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, זיינען מענשען, וואָס זוכען בלויז זייער אייגענעם פּערזענליכען נוצען און מאַטעריעלע פאַרבעסערונגען און וויקלען זיך אַרום מיט פּרינציפּען, ווייל דאָס גילט זיי אַלס אַ ווירקזאַמער מיטעל אַריינ־צוקריגען דעם דזשאָב.

און ווירקליך, לאָמיר זיך ניט נאַרען. עס איז כמעט ניטאָ קיין איין מענש אין אונזער אַמעריקאַ, וואָס זאָל ניט רעדען אינ׳ם נאָמען פון פּרינציפּ. זאָגאַר טעמעני האָל רעדט אינ׳ם נאָמען

פון פרינציפ. און ניט בלויז אין אמעריקא. אט איז דאך דער בלוטיגער וועלט־בראנד געפירט געווארען אפיציעל אויס לויטער „פרינציפען". און ווער שמועסט נאך אין אונזער אידיש וועלטעל איז כמעט ניטא קיין איינציגע גרופע, קיין פארטיי און ארגאני־זאציאן, וואס זאל ניט מרעיש עולם זיין מיט אירע ריכטיגע פרינ־ציפען. און ווען די אלע, וואס טרומייטערען, אז זיי זיינען פרינ־ציפיעלע מענשען, וואלטען ווירקליך געווען ערנסט אין זייערע פרינציפען און איבערצייגונגען, וואלט אונזער וועלטעל א גאנץ אנדער פנים געהאט. דער אמת איז אבער, אז בלויז א קליינע צאל פון די, וואס שרייען, אז זיי זיינען פרינציפיעלע מענשען, ווילען טאקע זייערע פרינציפען פארווירקליכען אין לעבען. די איבעריגע מענשען באנוצען דאסווארט „פרינציפ" אלס א מאסקע צו פאר־דעקען זייערע געמיינע האנדלונגען און שענדליכע טאטען. ווארום מענשען, וואס זיינען איבערצייגט אין א געוויסער אידייע, דארפען זיין גרייט צוליב איר זאגאר אויפצואפפערען זיך, ווען נויטיג מוסר נפש זיין, אבי די אידייע זאל דורכגעפירט ווערען. מיט אנדערע ווערטער: מען דארף זיך אריינטאן „ראשו ורובו" און אנווענדען אלע מעגליכקייטען, אז דער געדאנק, אין וועלכען מען איז איבער־צייגט, זאל פארווירקליכט ווערען. ביי אונז אבער רייטען אלע אויף פרינציפען. די „פרינציפען־רייטער" ווירקען אבער ניט און שטרענ־גען ניט אן די כוחות, אז די פרינצי־פען זאלען אננעמען בלוט און פלייש, זאלען קומען צום אויסדרוק.

פארוואס איז דאס אזוי?

ווייל די מערצאל מענשען, וועלכע שרייבען זיך אונטער די אדער יענע פלאטפארם, טוען עס בלויז דערפאר, ווייל עס פאסט היינטיגע צייטען צום רומעל צו האבען א פרינציפ. די פערזאן האט אבער ניט געפרובירט אפילו צו מאכען דעם געדאנק פון דער פלאטפארמע פאר זיין איבערצייגונג. זי איז ניט געווארען קיין בלוט פון זיין בלוט, פלייש פון זיין פלייש. דארום טרעפען מיר אפט ביי אונז אזעלכע ערשיינונגען, וואו אידישע יוניאן־פירער טראגען זיך ארום מיט רויטע פאספארטען (סאציאליסטישע פארטיי

קאַרדס בלע"ז). אָבער אין דער אמת'ן זיינען זיי אַזעלכע סאָציאַליסטען, ווי טעמעני האָל איז אַ דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

קודם כל איז נאָך ביי אונז פעסט איינגעפונדעוועט דער לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם און פאַך־יוניאָניזם. ווען, למשל, אַ יוניאָן אַרבייטער פון שטרוי־העטס זאָל איבערגיין צו די קלאָוקמאַכער, אַזוי הויבט זיך אָן אַ ויצעקו אַז הימעל עפען זיך! די פּירער האַלטען אין איין האַמערען צו די אַרבייטער, אַז די אויפגאַבע פון דער יוניאָן איז צו באַשיצען די אינטערעסען פון די אַרבייטער וואָס באַלאַנגען בלויז צו ד ע ם טרייד. מען פלאַנצט איין אין די אַרבייטער דעם געדאַנק אַז זיי דאַרפען באַלאַנגען צו אַ יוניאָן צוליב די הוילע אינטערעסען פון ברויט, אין אַ גאַנץ פּרימיטיווער, ריין עגאָאיסטישער פאָרם. אַזאַ מין יוניאָן, פאַרשטייט זיך, איז זייער ווייט פון די געדאַנקען וועגען מענשליכער פאַרברידערונג, וועגען אַ קאַמף אין אַ ברייטען געזעלשאַפטליכען זין.

נאָך מער: די פירער פון די היגע אידישע יוניאָנס קוקען קרום און האַלטען גאָר פאַר שעדליך די יעניגע וואָס טרעטען אַמאָל אַרויס און פאַרטיידיגען דעם געדאַנק, אַז די אַרבייטער פון דער יוניאָן דאַרפען זיך שטעלען פאַר אַ ציל — און טאַקע צוגעווינען די אַרבייטער — איבערצונעמען די אינדוסטריע אין זייערע אייגענע הענט. דער העכסטער ציל פון אַ היגער אידישער יוניאָן איז: „גוטע שכירות פאַר אַ גוטען טאָג אַרבייט". דער רעזולטאַט דערפון איז, אַז די יוניאָן צאַמט איין דעם האַס און צאָרן פון די אַרבייטער, וואָס ברעכט אָפטער אויס געגען די קאָנטראַקטערן און אַפּמאַכען, וואָס דערלאָזען ניט די אַרבייטער צו נעמען זיך פאַר זייער איינציגען קאַמפסמיטעל — דעם סטרייק. אונזערע אידישע יוניאָנס זוכען שטענדיג אַלערליי פשרות און רעדען איין איין מיט פאַרשידענע דריידלאַך די פאַבריקאַנטען, אַז דער קאָנטראַקט ברענגט גאָר אַ גרויסען גליק די באַלעבאַטים פון דער אינדוסטריע גופא, ווייל די קאָנקורענץ צווישען מאַנופעקטשורערס און מאַנופעקטשורער ווערט אַזויערנאָך ביסלעכווייז אָפּגעשאַפט און דערפאַר דאַרפען די באַלעבאַטים פון דער אינדוסטריע אַליין זיין שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אַ שטאַרקע יוניאָן.

איר פאַרשטייט, וואָס פאַר אַ מין סאָרט קלאַסען־קאַמף „אונ־

זערע" סאָציאַליסטישע יוניאָן לידערס פּרעדיגען פאַר די אַרביי־טער ! ?....

עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז אַזא מין באַגריף פון אַ יוניאָן פאַרטונקעלט דעם קלאַסען־באַוואוסטזיין פון די אַרבייטער, פלאַנצט איין ביי די אַרבייטער דעם געדאַנק, אַז ער דאַרף זיין פריינדליך און צירליך און מאַנירליך, ניט גיין שטורמאַם און זיין פאַר'עקשנ'ט, אַז ער דאַרף אין זינען האָבען בלויז דעם היינט און ניט קלערען וועגען זיין צוקונפט.

אַט די דאָזיגע פאַקטען, ווי אַזוי אונזערע סאָציאַליסטישע פירערס זיינען „פּרינציפּיעל אויסגעהאַלטען" אויפ'ן עקאָנאָמישען געביט איז באַקאַנט צו יעדען איינעם, וואָס אינטערעסירט זיך באמת מיט דער היגער אידישער יוניאָן־באַוועגונג.

אָבער ניט נאָר אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג האָבען אונ־זערע „פירערס" פאַרלאָרען זייערע פּרינציפּען (אויב זיי האָבען זיי אַמאָל ווען עס איז געהאַט), נאָר אויך אין די אַנדערע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס באַנוצען די פירערס און די באַצאָלטע באַאַמטע אַלערליי טריקס און דריידלאַך אַבי צו זיצען אין זאַטעל.

כמעט אין אַלע היגע אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס האָט זיך אויסגעאַרבייט אַ טיפּ פּאָליטישענס. דער פּאָליטישען טיפּ איז אַ ספּעציעלע אַמעריקאַנער פּרי, וואָס איז אויסגעוואַקסען אויף דעם אַמעריקאַנער באָדען.

אין מערב אייראָפּא איז אַ פּאָליטיקער געווען אַ מענש מיט העכערע בילדונג און אַ ערען־אַמט, וואָס ער האָט זיך און אַנדערע אַם ווענינגסטען איינגערעדט, אַז ער אַרבייט פאַר'ן טובת הכלל. דאָ אין אַמעריקא ווערט אונטער'ן וואָרט פּאָליטישען פאַרשטאַנען אַ מענש וואָס קען בלאָפען דעם עולם, אַ פּראָסטער נפש, וואָס ווענדט אָן אַלערליי מיטלען צו דערגרייכען זיין פּערזענליכע אַמבי־ציע און צו קריגען אַ פעטען דזשאָב. אַט מיט דעם סאָרט פּאָלי־טישענס איז פול די גאַנצע אַמעריקאַנער פּאָליטיק. איר טרעפט זיי, די פּאָליטישענס, אין אַלע פּאַריינען און אָרגאַניזאַציעס. אַזוי וועט איר באַמערקען, אַז אין די יוניאָנס, צום ביישפּיל, בילדען די באַצאָלטע באַאַמטע און יוצר משרתים אַרום זיך אַ מאַשין. די מאַשין באַשטייט פון עקזעקוטיוו באָרד מיטגלידער, דזשאָינט באָרד

מיטגלידער, סעקרעטערע און גלאַט מענשען, וואָס קענען הויך שרייען (ניט נאָר שרייען זיי, נאָר גיבען טאַקע אַמאָל אַ קלאַפּ אויך) ביי די מיטינגען. די דאָזיגע מאַשין פּאַרטיידיגט די יוניאָן באמתע און די יוניאָן באַמטע זוכען אַלע וועגען און מיטלען צו חנפ'ענען און צו באַזאָרגען מיט גוטע שטעלען די מאַשין מענשען. דאַסזעלבע קומט אויך פאָר אין די אַנדערע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס. די וואָס שטייען ביים רודער פון דער אָרגאַניזאַציע, שמייכלען, חנפ'ענען און לעקען זיך צו די, וואָס קענען פאַר זיי „אַוועקלייגען" אַ ספּיטש, ווען עס וועט נויטיג זיין. און די ערוויילונג אָדער די אַפּאָינטמענט פון אַ באַצאָלטען באַמטען אין אַ הינער אידישער אַרבייטער אָרגאַניזאַציע קומט געוויינליך פאָר אויף אַזאַ אופן:

אַ מאַשין מענש נאָמינירט דעם פּאָליטישען פאַר'ן אמט. דער קאַנדידאַט קוויינקעלט זיך כלומרשט (דאָס איז אַזאַ געמאַכטע מינע ביי אַלע היגע פּאָליטישענס); דערנאָך שטעלט זיך אויף אַ צווייטער פון זיין חברותא און האַלט אַ „ספּיטש" פאַר'ן קאַנדידאַט, אַנגעבענדיג דערביי אַזעלכע אותות ומופתים, ניט געשטויגענע און ניט געפלויגענע זאַכען, וואָס דער קאַנדידאַט האָט אויפגעטאָן, אַז אַ לעבעדיגער נפש קען עס גאָר ניט אַדורכפירען. און ווען אַ געגנער וויל נאָר קומען צום וואָרט, אַזוי שטעלט זיך אַוועק איינער, וואָס איז אַ ספּעציאַליסט אין פּאָינטס אָוו אָרדער, פּאָינטס אָוו קאָרעקשאַנס, פּאָינטס אָוו אינפאָרמיישאַנס און נאָך אַזעלכע „פּאָינטס", וועלכע מען קען ניט באַמערקען אפילו דורך אַ פאַרגרעסערונגס גלאָז.

אַ, וועט איר פרעגען וואָס שווייגט די גאַנץ גרויסע מאַסע אויף די פּאָראַנדקעס וואָס ווערען געפירט אין זייערע אָרגאַניזאַציעס? — איז דער תירוץ, אַז די מאַסע קען מען ניט אַפּשאַצען אלס איין שטיק, וואָס האַנדעלט אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן.

די מאַסע קען איינגעטיילט ווערען אין פיר קאַטעגאָריעס:

איין טייל — און דאָס איז דער גרעסטער — אינטערעסירט זיך אינגאַנצען ניט מיט געזעלשאַפטליכע אַרבייט, זיי זיינען ניט מסוגל צו פאַרנעהמען זיך מיט געזעלשאַפטליכע פּראָבלעמען און האַלטען פון דעם רוסישען פּויער'ס ווערטער: „מיין הויז שטייט אַן אַ זייט

און ווייטער וויל איך ניט וויסען"; א צווייטער טייל, וואס וואלט זיך שוין יע געוואלט פארנעמען מיט געזעלשאפטליכע ארבייט, זיינען זיי אבער שטענדיג אזוי פארנומען מיט זיך, און צוליב די אומשטענדען פון דעם גרויס שטאדטישען לעבען, וואו דאס וואוינען אין די פארשיידענע עקען פון שטאדט, פאמיליען צרות, א שטעלע זוכען און אלע אנדערע צרות, וואס מאכט פאר זיי אונמעגליך צו זיין אקטיוו אין זייערע ארגאניזאציעס; א דריטע קאטעגאריע מענשען — זייער א קליינע צאל — וואס מיינען ערנסט און וואלטען געוואלט, אז זייער ארבייטער ארגאניזאציע זאל זיין אין פולען זין פוןווארט אן ארגאניזאציע וואס פארטייריגט דעם ארבייטער'ס אינטערעסען. — זיי זיינען שטענדיג אין דער אפאזיציע צו די אפיציעלע פירערס פון די היגע ארבייטער ארגאניזאציעס; און די פערטע קאטעגאריע איז די יוניאן ביוראקראטיע מיט דעם גאנצען סטעף באצאלטע באאמטע, וואס פארמאגען גלאטע, געשליפענע צינגלאך, ווייסען ווי אזוי צו פארריידען די ציין, מאכען דעקלאמאטארישע שטיק און נוצען אויס דעם גאנצען ארגאניזאציאנס־מעכאניזם און אפאראט צו דערשטיקען אלעם און אלעמען וואס וואגט צו שטעלען זיך געגען זיי.

# דאַרפֿען די רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטען זיין פֿאַראינטערעסירט אין פּאַלעסטינא? *)

פאַר דער לעצטער צייט, זינט עס איז באוואוסט געוואָרען, אַז די ענגלישע רעגירונג האָט צוגעזאָגט צו געבען די אידען פּאַלעסטינא (אויב זי וועט זי אַנעקסירען, נאַטירליך), איז אין די מוחות פון פילע אונזערע אידישע סאָציאַליסטישע שרייבער אַ גאַנצע איבערקערעניש געוואָרען, און, ווי לצים זאָגען, איז אפילו ש. יאַנאָווסקי אויך פאַרכאַפּט געוואָרען מיט'ן שטראָם און האָט זיך אַ בויג געטאָן אין דער ציוניסטישער זייט. מען טרעפט אידישע סאָציאַליסטישע שרייבער, וואָס זיינען איבערגעאַכט געוואָרען ציוניסטען; מענשען, וועלכע האָבען זייער גאַנצען לעבען באַקעמפט די ציוניסטען מיט זייער ראָמאַנטישען חלום, באַקעמפען היינט די יעניגע, וואָס דריקען אויס אַ מיינונג געגען די ציוניסטען. איך ווייס, אַז ביי פילע צוגעקומענע פריינד פון ציוניזם, איז די גאַנצע זאַך בלויז אַ שטימונג, (שרייבער און פינסטלער זיינען געכאַפּט דערויף). אָבער מיר, אידישע רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטען, טאָרען זיך ניט אָוועקטראָגען מיט סענטימענטען און שטימונגען, און מיר דאַרפען זיין אין דער פראַגע זעהר אָביעקטיוו, באַטראַכטען די גאַנצע אנגעלעגענהייט אינ'ם ליכט פונ'ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם, און דאַן זיך שטעלען די פראַגע: צי זיינען מיר, אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען, ווירקליך פאַראינטערעסירט אין דער גאַנצער איצטיגער מהומה וועגען פּאַלעסטינא? אָדער מיר וועלען פראָבירען שטעלען די פראַגע מעהר קאָנקרעטער: צי איז דער ציוניסטישער געדאַנקען־גאַנג אין אנקלאַנג מיט'ן אינ־

*) ערשינען אין דער „פרייער ארבייטער שטימע", 19טען יאַנואַר, 1918, גלייך נאָך דער באַלפור דעקלאַראַציע וועגען פּאַלעסטינע אונטער'ן פען־נאָמען: מלכה רחל ליאָפּמאַן.

טערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם, אָדער דאָס איז אַ רעאַקציאָנערע און שעדליכע באַוועגונג און גייט אין אַן אַנטגעגענזעצטע ריכטונג פון'ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם?

## 2) אונזער און זייער קוק אויפ'ן איצטיגען קריג.

ווען די ציוניסטישע באַוועגונג וואָלט אַנגעווענדעט איר ענער־גיע אריינצוקריגען אין אירע רייען די מיטעלע בורזשואזיע און גרויס־בורזשואזיע, וואָלטען מיר די גאַנצע באַוועגונג געקאַנט לייכט פאַרבייגעהן, אַקוראַט, ווי אונז אינטערעסירען ניט פילע אַנדערע בורזשואזע שטרעבונגען. אַזוי ווי אָבער עס געפינט זיך אַ ריכ־טונג אינ'ם ציוניזם (דער פועלי ציוניזם), וועלכער סטאַרעט זיך אַפעלירען צו דער אידישער ארבייטער מאַסע, אלס סאָציאַליסטען, מוזען מיר שויז אייגטראַגען קלאַרהייט אין דער פראַגע און זען, צי דאָס שטימט מיט אונזערע אויפגאַבען.

קודם כל אַ פּאָר ווערטער אין וואָס אייגענטליך באַשטייט דער אונטערשיד פון אונז ביז די פּועלי ציון?

מיר זיינען אידישע רעוואָלוציאָנערע ס אָ צ י א ל י ס ט ע ן, שטעלט דעם דגוש (די באַטאָנונג) אויף סאָציאַליסטען. דאָס הייסט, פריער פון אַלץ זיינען מיר סאָציאַליסטען, און מיר באַטראַכטען יעדע געזעלשאַפטליכע געשעעניש פונ'ם שטאַנדפונקט פון קלאַ־סענקאַמף, נור אַזוי ווי מיר זיינען אידען, לייקענען מיר דאָס, נאַ־טירליך, ניט אָפּ. אונזער אידישיזם איז ביי אונז אַזוי פיל ליב און טייער, אַדיף וויפיל מיר קענען אין אידיש בעסער פּראָפּאַ־גאַנדירען אונזער סאָציאַליסטישע אידייע און וועלט־אַנשויאונג, אויף וויפיל מיר קענען זיך מיט אונזער אידישקייט בעסער צופּאַ־סען צו די ספּעציפישע אייגענשאַפטען פון דער ברייטער אידי־שער מאַסע. עס פאַרשטייט זיך, אַז אויב אונז קומט שוין יאָ אויס צו ארבייטען אין אידיש, ווילען מיר — און שטרעבען טאַקי דערצו — אַז די אידישע שפּראַך און אַלע איבעריגע אידישע קול־טור־אוצרות זאָלען זיין וואָס בעסער, שענער און רייכער. קורץ, ביי אונז איז דער סאָציאַליזם דער עיקר און דער אידישיזם דער טפל. זיי, די פּועלי ציון, רופען זיך אויך א י ד י ש ע סאָצי־

אַליסטען (שטעלט דעם דגוש אויף אידישע), אָבער זיי פירען אַן אַ אידישע באַוועגונג, אַ סאָציאַליסטישע כמעט ווי גאָרניט. ביי זיי, הייסט דאָס, איז דער אידישיזם דער עיקר און דער סאָציאַליזם דער טפל. מיר, אַלס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען, טענה'ען, אַז אומעטום, וואוהין מיר קומען און אַרבייטען, פּראָצעוען און לעבען, דאָרט דאַרפען מיר קעמפּפען פאַר אַ בעסער לעבען און אַ שענערע וועלט. מיר פירען דאַרום אַן סטרייקס, סטאַרען זיך מיט אַלע מעגליכקייטען אַריינצוקריגען די פּאָליטישע מאַכט פון לאַנד. קורץ, דאָרט, וואו מיר געפינען זיך, דאָרט איז אונזער היים און מיר שטרעבען — צוזאַמען מיט די סאָציאַליסטען פון'ם דאָרטיגען לאַנד — צו ווערען די פועלע באַלעבאַטים פון דערהיים. זיי, פאַרקערט, טענה'ען, אַז מיר האָבען ניט אין דער גאַנצער וועלט קיין היים, אויסער אין פּאַלעסטינאַ, אַז מיר, אידישע אַרבייטער, געפינען ניט קיין גערעכטיגקייט אפילו ביי דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.*).

אינדירעקט דייטען זיי מיט אַזאַ אַגיטאַציע אַן, אַז די אידישע אַרבייטער האָבען ניט קיינע געמיינשאַפטליכע אינטערעסען מיט דער אַרבייטער באַוועגונג פון די לענדער, איז וועלכע זיי לעבען איצט. איבריגענס, האָט דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער פירער זייערער, ב. באָרוכאָוו, געשריבען אַ סעריע אַרטיקלען אין 1915, אין דער „פּ. אַ. ש.“, וואו ער האָט באַוויזען מיט פאַקטען, אַז דער פּועלי ציוניזם אינטערעסירט זיך ניט, אינ'ם היגען לאַנד, ניט מיט'ן עקאָנאָמישען קאַמף, ניט מיט'ן פּאָליטישען קאַמף.

און נאָך אַ זאַך. מיר זיינען שרעקליך צעווייטאָגט, זעענדיג, ווי די נאַציאָנאַל־שאָוויניסטישע כוואַליע האָט זיך צוגאָסען איבער אַלע לענדער. און דאָס איז דערפאַר, ווייל די אימפּעריאַליסטישע אַפּעטיטען פון'ם אינטערנאַציאָנאַלען קאַפּיטאַל האָבען זיך צווישעט, זיי האַלטען דעם איצטיגען נאַציאָנאַלען שאָוויניזם פון דער וועלט פאַר אַ ברכה און שרייען אַלע מאָל אויס טריאומפירענד: „זעט, ווי די וועלט איז נאַציאָנאַליסטיש!“ (לייען שאָוויניסטיש). מיר, אַלס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען, פאַר־

*) זע די בראָשור „דער פּועלי ציוניזם“, פון ב. צוקערמאַן.

דאַמען יעדען מין קריג פון וואָסער צד ער זאָל ניט קומען. זיי האָבען אַ שטאַרקע סימפּאַטיע מיט דעם צד, פון וועמען זיי ערוואַרטען צו קריגען פּאַלעסטינאַ. די סאָציאַליסטען פון דער גאַנצער וועלט, זאָגאָר די מאַיאָריטעט פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, זיינען געקומען צום באַשלוס, אַז דער איינציגער וועג צו ענדיגען דעם קריג איז די פאָרמולע: „קיין אַנעקסיע און קיינע קאָנטריבוציעס און זעלבסט־באַשטימונג פון די פעלקער“. זיי זיינען פאַראינטערעסירט אין אַנעקסיע, כדי צו באַקומען פּאַלעסטינאַ, און דר. פאַרנבערג, וועלכער שטייט נאָענט צו זייער געדאַנקענגאַנג, האָט אָפען ערקלערט*), אַז די בעריהמטע פרידענס־פאָרמולע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע איז רעאַקציאָנער ווייל דער פּאַלעסטינישער חלום ווערט דורך דעם צושטערט (אונטערגעשטראָכען פון מיר ל. ק.) אין קורצען וואָלטען מיר געקאָנט כאַראַקטעריזירען דעם אונטערשיד פון אונז מיט זיי אין פאָלגענדע ווערטער: מיר באַטראַכטען אַלע וועלט־פּראָבלעמען, דעם נאַציאָנאַליזם אריינגערעכענט, אונטער׳ן אַנאַליז פון קלאַסענקאַמף. זיי באַטראַכטען זאָגאַר דעם קלאַסענקאַמף ביים ליכט פונ׳ם נאַציאָנאַליזם. ווי איר זעט, איז זייער געדאַנקען־גאַנג פונקט דער היפּוך פון דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג.

### 3) אונזער שטעלונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

מיר, מאַרקסיסטען, רעכענען זיך מיט רעאַלע פאַקטען און געשעענישען, און ווען אַ פאָלק לעבט אויף איר טעריטאָריע, אַלס אַ קאָמפּאַקטע מאַיאָריטעט, און פאַר די ברייטע פאָלקסמאַסען איז בעסער, אַז זיי זאָלען האָבען טעריטאָריעלע אויטאָנאָמיע, פאָדערען מיר פאַר דעם פאָלק טעריטאָריעלע אויטאָנאָמיע. נאַטירליך, קעמפען מיר אויך, אַז די נאַציאָנאַלע מינדערהייט פון אַן אַנדער פאָלק זאָל ניט ווערען אונטערדריקט, דאַרמיט וואָס מיר שטעלען

*) זע דעם „טאָג“, 1טען יאַנואַר, 1918, „ווען צוויי דאַסזעלבע זאָגען“, פון דר. פאַרנבערג.

גלייכצייטיג ארוים דעם פרינציפ פון נאציאנאלע קולטורעלע אווי־טאנאמיע. אבער די ציוניסטען האבען שוין געמאכט דעם ערשטען רעאקציאנערען שריט. אננעמענדיג א רעזאלוציע אויף זייער לעצ־טען צוזאמענפאר אין רוסלאנד*), אז די מלוכות, נאטירליך, די בורזשואזע, זאלען גאראנטירען, לויט'ן ה י ס ט א ר י ש ע ן ר ע כ ט די אידישע מינאריטעט אין פאלעסטינא מ ע ה ר ר ע כ ט, ווי די אראבישע מערהייט, וואס געפינט זיך א י צ ט אין א קאמפאקטע מאיאריטעט אין פאלעסטינא. עס קלינגט אקו־ראט, ווי די פאליאקען אין בעהמען, וואס בילדען א מינאריטעט, זאלען פאדערען פאר זיך מער רעכט, ווי די מערהייט בעהמער, וואס געפינען זיך דארטען, ווארים די ווערטער: „היסטארישע רעכט", „אונזער אלטעס פאטערלאנד" איז דאך ניט מער, ווי א פיקציע. און ווירקליך, וואס הייסט, מיר האבען א פאטערלאנד? קיינער פון אונז איז דאך ניט אזוי נאאיוו צו דענקען, אז בשעת גאט האט איינגעטיילט די וועלט צווישען די פארצייטיגע שבטים, האט ער אונז, אידען, אוועקגעגעבען פאלעסטינא, אדער מיר זיינען אויסגעוואקסען פון פאלעסטינער ערד? אלא, וואס דען, מוזען מיר זיך פארלאזען אויף געשיכטע, און די געשיכטע לערענט אונז, אז מיר האבען זיך ארייגעריסען אין א לאנד, וואו עס האט געקי־ניגט אן אנדער שבט און מקים געווען די מצוה פון מחה תמחה — אבווישען און אבמעקען יעדען מין לעבעדיגען באשעפעניש פון יע־נעם באדען, און מיר האבען זיך דארט אבגעלעבט א געוויסע צייט. און עס איז אויף אזא אופן געווארען אונזער לאנד. נו, זיינען גע־קומען אנדערע פעלקער און האבען אונז פארטריבען פון דארטען און לעבען שוין דארט טויזענדער יארען. דאן איז דאך דאס גע־ווארען זייער לאנד. אבער לאמיר אויף א מינוט צונעבען, אז פא־לעסטינא איז יא אונזער פאטערלאנד און די וועלט־מלוכות גיבען עס אונז איצט אוועק, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס מיר בילדען פאקטיש דארט א קליינע מינאריטעט לגבי דער איבעריגער בא־

*) ציטירט לויט דעם „אידישער פראלעטאריער, ארגאן פון די פאראייניגטע סאצ. פארטייי אין רוסלאנד, נומ. 6־7, ארטיקעל פון יעקב לעשצינסקי.

פעלקערונג, יעמאלט שטעלט זיך די פראגע: וואו וועלען די פועלי ציוניסטען נעמען יענעם צויבער־שטעקעלע, וואס זאל צוציען קיין פאלעסטינא די ברייטע אידישע פאלקסמאסען? מילא, ביז מיט א קורצע צייט צוריק, איידער די בארימטע רוסישע רעוואלוציע איז אויסגעפירט געווארען, האבען די פועלי ציוניסטען געמאכט אזא סאפיזם: אזוי ווי די ברייטע אידישע מאסען שטייען אוים עניום קשים, סיי מאטעריעלע, סיי גייסטיגע, אין צארענלאנד, און קיין באלדיגע האפנונג אויף זייער פאלקאמענער באפרייאונג האט זיך ניט געזעען, און אזוי ווי די עמיגראציע וועט שטראמען אונאויפ־ערליך, איז דאריבער א פלאן צו קירעווען די עמיגראציע־כוואליע קיין פאלעסטינא. מיט אנדערע ווערטער, זיי האבען געצויגען זייער יניקה פונ'ם קוואל פינסטערניש, וואס האט דאן געהערשט אין רוסלאנד. אבער די אלע טעאריעס און כלומר'שטדיגע פאק־טען האבען געפלאצט, ווי א זייפען־בלאז, ביי דער שיין פון דער ליכטיגער רוסישער רעוואלוציע. עס איז היינט פאר קיינעם קיין צווייפעל ניט, אז פאר דער אידישער ארבייטערשאפט האבען זיך, צוגלייך מיט דער רוסישער רעוואלוציע, געעפענט אומגעהויערע פערספעקטיווען, וועלכע ביי דער איצטיגער צייט עס איז אונמעג־ליך גאר אפצושאצען. רוסלאנד וועט געווים פאר פילע יארען דינען, אלס אנציאונגס־פלאץ פאר פילע אידישע ארבייטער פון אנדערע לענדער. און נור נאאיווע, אדער ניט דענקענדע מענשען וועלען זאגען, אז די אידישע ארבייטער פון רוסלאנד וועלען אוועק־ווארפען די ריזיגע מעגליכקייטען, וואס זיי האבען דארט געקרא־גען אויף אלע געביטען און וועלען זיך א לאז טאן אינ'ם הייליגען לאנד, אהין, וואו עס הערשט נאך די אלטע מזרח־קולטור; דארט, וואו זיי זיינען אבסאלוט אומבאקאנט מיט די טראדיציעס, זיטען, און וואו די גאנצע עקאנאמיק איז אזוי הינטערשטעליג; אז די ברייטע אידישע מאסען וועלען זיך, אוועקלאזען איבער די וויסטע מדבריות, צו שאקלען זיך פון פיבער און אפטמאל אונטערהונגע־רען, אבי צו זיין לעבען דער כותל־מערבי.

אויב אבער עס וועט געשאפען ווערען א אידישע מלוכה מיט א קליינע מינאריטעט אידען, וואס וואוינען דארט, דאן וועט די גאנצע אידישע מלוכה האבען אזא פנים און פארמאגען אזא מאכט.

ווי די ניגערשע רעפובליק „ליבעריע", וואס איז באזעצט מיט א פאר צענדליג טויזענט ניגערען. אלא וואס דען, מוזען מיר זאגען, אז די אידישע קאפיטאליסטען (און וואס עפעס בלויז די אידישע קאפיטאליסטען?) וועלען דארט, אין פאלעסטינא, אנטוויקלען א גרויסע אינדוסטריע, אזוי, אז עס וועט זיך עקאנאמיש לוינען די אידישע ארבייטער צו פארען אהין, דאן וועלען זיך דאך א לאז טאן אהין אויך איטאליענער, עסטרייכער, פאליאקען און אנדערע. און מיר וועלען דארט בטל בשישים ווערען. אי, איר וועט אפשר מאכען א „טשערטא אסיעדלאסטי", איז, ערשטענס, וועלען דאס אייערע אייגענע אידישע קאפיטאליסטען ניט דערלאזען, ווייל זיי זיינען דאך פאראינטערעסירט אין בילינע הענד, און, צווייטענס, ווי אזוי וועלען מיר, אידישע ארבייטער, קענען קעמפען געגען די פוילישע ארבייטער אין ווארשא און ביאליסטאק, אז מען זאל אונז צולאזען דארט אין די גרויסע שיך־פאבריקען און מעכאנישע שטור־לען? איבריגענס, מיט דעם אליין וועלען מיר דאך אבלייקענען דעם גרונד־פרינציפ, אז וואו מיר קומען, דארפען מיר האבען רעכט.

## 4) שטערט זייער אגיטאציע די אלגעמיינע ארבייטער באוועגונג?

פילע שטעלען אזא פראגע: עס איז טאקע אמת, וואס איר זאגט, אז דאס איז א טרוים, וואס האט ניט קיין פראקטישען אינ־טערעס פאר די אידישע ארבייטער, אבער וואס קען עס אונז שא־דען, אז א טייל אידישע ארבייטער גיבען זיך אפ מיט'ן טרוים? זיי פארשווערען דערמיט ניט די פרינציפען פונ'ם אינטערנאצי־אנאלען סאציאליזם, און ביי קארל מארקס'ען אליין געפינען מיר ניט קיין איסור אויף דעם. איז, ערשטענס, האבען מיר שוין פריער אנגעוויזען, אז דערמיט, וואס זיי האלטען אין איין איינרעדען די אידישע מאסע, אז זי געפינט זיך אין א פרוזדור (חוץ לארץ, בלע"ז). אז די אידישע גאולה איז שוין נאענט, קומט במילא אוים ביי פילע אידישע ארבייטער, אז מען דארף זיך ניט שטארק פאראינטערע־סירען אינ'ם היגען קאמף, ווייל באלד דארף מען דאך נעמען דאס פעקעל און אוועקלאזען זיך אהין אינ'ם הייליגען פאטערלאנד, אסור־

ראט ווי פילע מיידלאך ווילען זיך ניט אינטערעסירען מיט יוניאן־אנגעלעגענהייטען, ווייל זיי ווען דאך, טראכטען זיי זיך, אין גיכען פטור ווערען פון שאפ, און זיי, די פועלי ציוניסטען, ברייננען אינדירעקט אריין א כאאס אין פילע מוחות פון אידישע ארבייטער. דער ציוניזם קען אויך ניט זיין א פריוואט־אנגעלעגענהייט, ווי רעליגיאן, למשל, ווייל דער ציוניזם איז א פאליטישע און א געזעל־שאפטליכע פראגע, וואו דעם אידישען ארבייטער קומט אויס צו טרעפען זיך אין טאג־טעגליכע פאסירונגען. עס קען זיך דארום דא ניט האנדלען וועגען נייטראליטעט.

# דער טרייד (פאַך) יוניאָניזם און אינדוסטריעלער יוניאָניזם

קודם כל מוזען מיר פאר די לעזער קלאָר מאכען די צוויי הויפט־ריכטונגען אין דער טרייד יוניאָניסטישער באוועגונג. געוויינליך, פאַרשטייט מען אונטער דעם וואָרט „יוניאָן" אַן אָרגאַניזאַציע פון אַרבייטער אויפ'ן עקאָנאָמישען געביט צו פאַרבעסערען דעם אַרבייטער'ס לאַגע. דאָס איז אָבער בלויז דער פשוט'ער טייטש פון וואָרט. אין דער אמת'ן איז פאַראַנען צוויי שטאַנדפּונקטען, צוויי ריכטונגען און באַגריפען וועגען אַ יוניאָן.

די אויפפאַסונג און געדאַנקענגאַנג פון דעם אַלטען, אָבגעלעבטען טרייד־יוניאָניזם איז, אַז די אויפגאַבע פון דער יוניאָן איז צו פאַרטיידיגען די אינטערעסען בלויז פון זייער טרייד (פאַך), ניט רעכענענדיג זיך מיט די די אינטערעסען פון די אַרבייטער פון אַן אַנדער טרייד. די דאָזיגע פאָרם פון אַן אַרבייטער אָרגאַניזאַציע איז אַנטשטאַנען אין מיטעל־אַלטער ווען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָנס פאָרם איז געווען זייער שוואַך אַנטוויקעלט און איז באַקאַנט אונטער'ן נאָמען „צעך". די צעכאָווע פאָרם פון אַן אָרגאַניזאַציע האָט זיך דערנאָך שטאַרק פונאַנדערגעוואַקסען אין ענגלאַנד און שפּעטער זיך אַריבערגעפּעקעלט אין אַמעריקאַ און געפונען זיינע שטאַרקסטע פאַרטיידיגער און אַנהייגנער אין דער היינטיגער „אַמעריקאַן פעדערייששאַן אָוו לייבאָר".

וואָס זיינען די צילען און אויפגאַבען פון דעם אַלטען טרייד־יוניאָניזם?

דער אַלטער טרייד יוניאָניזם וואָס דריקט זיך אויס, ווי פריער געזאָגט, אין דער „אַמעריקאַן פעדערייששאַן אָוו לייבאָר", האַלט זיך ביי דעם שטאַנדפּונקט, אַז די אויפגאַבען פון דער יוניאָן איז צו באַשיצען די אינטערעסען פון די אַרבייטער וואָס באַלאַנגען בלויז צו דעם טרייד. די אַרבייטער דאַרפען באַלאַנגען צו אַ יוניאָן צו־

ליב די הוילע אינטערעסען פון ברויט, אין א גאנץ פרימיטיווער, ריין ענגאאיסטישער פארם. אזא מין יוניאן איז זייער ווייט פון די גערדאנקען וועגען קעמפען פאר א שענער לעבען אין אלגעמיין, וועגען אן אלמענשליכע פארברידערונג, וועגען קאמף אין א ברייטען געזעלשאפטליכען זין. ניט בלויז אינטערעסירט זיך ניט אזא יוניאן מיט דעם שיקזאל פון דעם ארבייטער קלאס אלס א קלאס, נאר פארקערט, די יוניאן סטארעט זיך נאך מיט אלע מעגליכקייטען צו מאכען א גאנצע רייע געזעצען געגען די אנקומענדע ארבייטער פון אן אנדער טרייד, געגען די ארבייטער פון אנדערע שטעדט און לענדער, ווייל זי זעט אין יעדען צוגעקומענעם ארבייטער ניט קיין מיטקעמפער, נאר א שונא.

ארויסגייענדיג פון אזא מין שמאלען שטאנדפונקט לייקענט מען דערמיט אפ דעם קלאסען־קאמף אין א ברייטערען זין. ווייזט מען ניט ארויס קיין סאלידאריטעט צו די ארבייטער וואס קעמפען אין אן אנדער אינדוסטריע, אדער אין אן אנדער שטאט. און דער העכסטער ציל פון אט אזא מין יוניאן איז: „גוטע ווייזשעס פאר א גוטען טאג ארבייט". דער רעזולטאט דערפון איז, אז די יוניאן צאמט איין דעם האס פון די ארבייטער, וואס ברעכט אפטער אויס געגען די באלעבאטים פון דער אינדוסטריע, דורך פארשידענע אגרימענטס און אפמאכונגען, וואס דערלאזען ניט די ארבייטער צו נעמען זיך פאר זייער איינציגען קאמפס־מיטעל — דעם סטרייק. אזא מין יוניאן זוכט שטענדיג אלערליי פשרות און רעדען איין מיט פארשידענע דריידלאך די פאבריקאנטען, אז דער אגרימענט און אפמאך מיט דער יוניאן ברייננט נאר א גרויסען גליק די פאבריקאנטען גופא, ווייל די קאנקורענץ פון מאנופעקטשורער און מאנופעקטשורער ווערט דערמיט אפגעשאפט און דערפאר דארפען די באלעבאטים פון דער אינדוסטריע אליין זיין שטארק פאראינטערעסירט אין א שטארקע יוניאן. מיט אנדערע ווערטער, אזא מין באגריף פון א יוניאן פארדונקעלט דעם קלאסען באוואוסטזיין פון די ארבייטער, פלאנצט איין ביי די ארבייטער דעם געדאנק, אז ער דארף זיך אינטערעסירען בלויז מיט זיין פאך און ניט מיט דעם ארבייטער־קלאס אלס א קלאס; אז ער דארף זיין פרידליך צירליך און מא־

נירליך, ניט גיין שטורמאַם און זיין פאַר'עקשנ'ט, אַז ער דאַרף אין זינען האָבען בלויז דעם היינט און ניט קלערען וועגען זיין צו־קונפט.

ווי ווערען אויפגעפאַסט די נייע פאָרמען פון יוניאָניזם?

דער נייער, מאָדערנער יוניאָניזם, שטעלט ערשטענס אַוועק אַלס גרונד באַדינג, אַז די יוניאָן טאָר ניט זיין געבויט אויף דעם שמאָלען, צעכאָוועז פאַך פאָרם, נאָר דאַרף זיין געבויט אויף אַן אינדוסטריעלען אופן. דאָס הייסט, אַז די ארבייטער פון דער גאַנצער אינדוסטריע דאַרפען באַלאַנגען צו איין יוניאָן. און ניט בלויז פון איין אינדוסטריע, נאָר אויך פילע אינדוסטריען זאָלען זיין צווישען זיך שטאַרק פאַראייניגט. די דאָזיגע באַוועגונג גייט די לעצטע צייט אין אונטער דעם נאָמען „אַמאַלגאַמיישאָן“ — איין גרויסע יוניאָן. און אויב עס ווערט אַנגערירט די אינטערעסען פון די אַרבייטער פון איין פאַך, אָדער שטאָט, זאָלען זיך אַלע אַרבייטער אָפּ־רופען. דער הויפּט ציל פון דער באַוועגונג איז, אַז די אַרבייטער זאָלען גלייך ביים אָנפאַנג שטעלען זייערע אייגענע פאַך־אינטערעסען אין פאַרבינדונג מיט די אינטערעסען פון אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַ־ציעס, וואָס האָבען דיזעלבע צילען. און ניט בלויז פון איין שטאָדט, נאָר פון גאַנצען לאַנד, פון אַלע לענדער, פון אַלע פעלקער, פון דער גאַנצער ליידענדער מענשהייט.

דער נייער יוניאָניזם גייט אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט אַזוי ווי די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן איז איצט אַם שטאַרקסטען אַנטוויקעלט, און אין איין פאַבריק געפינען זיך אַרבייטער פון פאַרשידענע פאַכען, איז דערפאַר אַן אומזין אַז די אַרבייטער זאָ־לען זיין אָרגאַניזירט אין צעך־פאָרמען וואָס צוברעקעלט בלויז דעם אַרבייטער'ס כוחות און שטערט אָפּטער דעם אַרבייטער'ס קאַמף. ווייל די אַרבייטער פון איין פאַך אין דער זעלבער פאַבריק, ווילען ניט מיטקעמפען מיט די אַרבייטער פון אַן אַנדער פאַך, ווערענד די באַלעבאַטים זיינען שטאַרק אָרגאַניזירט אינדוסטריעל.

דער נייער יוניאָניזם נעמט אָן, אַז די איצטיגע פאַרבעסע־רונגען וואָס די אַרבייטער דערקעמפען זיך דורך די יוניאָנס אויפ'ן עקאָנאָמישען געביט זיינען בלויז אַ מיטעל צו פאַרשטאַרקערען די פּאָזיציע פון די אַרבייטער, צו פאַרשטאַר־

קערען זייער מאכט, אבער דער ענד־ציל פון די ארבייטער איז די פאלקאמענע אינדוסטריעלע דעמאקראטיע, וואו די ארבייטער זא־לען זיין די פולע באלעבאטים איבער דער אינדוסטריע. פארשטייט זיך, אז די אויפגאבע פון דער יוניאן איז — לויט דעם געדאנקענ־גאנג פון נייעם יוניאניזם — צו פארשארפערען דעם קלאסען קאמף, צו ערוועקען די קאמפס־לוסטיגקייט פון די ארבייטער און איינפלאנצען דעם געפיל פון סאלידאריטעט. און אזוי ווי דער סטרייק איז דער שטארקסטער כלי־זיין פון די ארבייטער, דארפען אים די ארבייטער אפטער באנוצען, ווייל א געווער וואס מען נוצט ניט אפט, ווערט פארזשאווערט און די מענשען וואס דארפען זיך באנוצען מיט'ן געווער און באנוצען זיך ניט ווערען אפגעוואוינט דערפון.

און נאך א זאך: די אנהייגגער פון אינדוסטריעלען יוניאניזם טענה'ן, אז די יוניאן איז דאס וויכטיגסטע קערנדעל פון וועלכע עס דארף אויסוואקסען די נייע אינדוסטריעלע דעמאקראטיע, וואו אנשטאט רויב און מאכט און העסליכע פארמאסקירטע שקלאפעריי, זאלען לעבען געזונטע, פרייע, שטאלצע און גליקליכע מענשען, און צו דעם דארף זיך דער פראלעטאריאט צוגרייטען. די אינדוס־טריעלע יוניאנס זיינען די בעסטע שולע פאר דער עקאנאמישער, סאציאלער און פאליטישער דערציאונג פון די ארבייטער, ווייל אין אזא יוניאן ווערט ביי די ארבייטער, אין א שטארקער מאס, אנט־וויקעלט דער באגריף פון רעכט און פליכט, ביז צו א הויכען גראד פון זעלבסט־אפפערונג. ענדליך לערנט ער זיך אוים צו פארבינדען זיינע פערזענליכע אינטערעסען מיט די אינטערעסען, מיט די שענסטע אידעאלען פון דער גאנצער מענשהייט.

דער וואָס וויל דעם דיכטער קענען,
דער מוז אין דעם דיכטערס לאַנד גיין.
געטהע.

# דאָס באַנדעל, חניפה און רושאַב־האַלדערס.

ווילען מיר קענען די היגע אידישע ארבייטערשאַפט, אזוי מוזען מיר גיין אין די ערטער און פּלעצער וואו די אידישע ארבייטערשאַפט שאַפט און פּראָדוצירט, דאָרט וואו זיי פאַרברייננגען די מערסטע צייט פון זייער לעבען, דאָרט וואו די מאַשינען רוישען און יאָגען און דאָס ליד פון שמיד טוט קלינגען.

עס איז אלעמען באַוואוסט, אז דער גרעסטער טייל פון די היגע אידישע ארבייטער זיינען באַשעפטיגט אין דער נאָדעל־אינדוסטריע ווי אפּערייטאָרס, פּרויען און מענער שניידערס א. ד. גל. קוקען מיר זיך גוט צו, צו דעם שטרעבען און לעבען פונ'ם אידישען ארבייטער בשעת ער איז באַשעפטיגט אין פאַבריק, אזוי באַמערקען מיר, איין ציל — און דאָס איז — ארײנצוקריגען וואָס א גרעסער און בעסער באַנדעל ארבייט; עס הערשט אין די שעפּער און אין די פאַבריקען אַן אמת'ע באַנדעל־עפּידעמיע.

וואָס מיינט עס, אייגענטליך, אז דער ארבייטער אין פאַבריק יאָגט זיך אזוי און ווענדעט אַן אלע מיטלען ארײנצוקריגען א „פעט“ באַנדעל ארבייט?

אין פילע פאַבריקען פון דער נאָדעל־אינדוסטריע זיינען די ארבייטער באַשעפטיגט אלס שטיק־ארבייטער. יעדער שטיק־ארבייטער קריגט א באַשטימטע צאָל שטיקלעך וואַרע (סחורה) וואו עס הענגט אויף דעם א צעטעל (א טיקעט) מיט א נומער. דאָס רופט מען א באַנדעל. יעדעס באַנדעל ארבייט האָט א געוויסע אייגענשאַפט: פון שלעכטע וואַרע אָדער גוטע, פון א קליינע צאָל אָדער א גרויסע. עס פאַרשטייט זיך, אז א גרוים באַנדעל ארבייט פון גוטע וואַרע, איז ווי אזוי די ארבייטער זאָלען ניט אַפּמאַכען מיט'ן

באַלעבאָס וועגען דעם פּרייז. וועט דאָך דער אַרבייטער דערביי אַ ביסעל פאַרדינען און זיין פיל וויניג געזיכערט פון דרייען זיך און קוקען מיט לעכצענדע בליקען צום פאָרמאַן צו קריגען אַ פרישׁ באַנדעל אַרבייט. די קליינע און געמיינערע באַנדלעך וואָרע מוזען דאָך אָבער אויך געמאַכט ווערען. נו, הויבט זיך אָן אַ ויצעקו צווי־שען די אַרבייטער גופא. יעדער איז זשעדנע און גייציג אַריינ־צוקריגען דאָס גרעסערע און בעסערע באַנדעל.

אמת, כמעט אין אַלע אַפּמאַכען און קאָנטראַקטען, וואָס די יוניאָנס שליסען מיט די באַלעבאַטים איז פאַראַן אַ ספּעציעלער פּונקט וואו עס שטייט בפירוש, אַז די אַרבייט מוז צעטיילט ווערען צווישען אַלע אַרבייטער אין פאַבריק אויף גלייכע חלקים. אָבער אין דער פּראַקטיק אַרבייט עס ניט, ווייל די אַרבייטס־געבער און די פאָרלייט וועגדען אָן אַלערליי טריקס און גיבען אָן אָן אַ שיעור תירוצים אָוועקצוגעבען דאָס גרויסע און גוטע באַנדעל אַרבייט צו די אַרבייטער אין פאַבריק, וואָס זיינען מער שקלאַפּיש און אונטער־טעניג, אָדער זיי גיבען עס גאָר אָוועק — אַלס „לא יחרץ“ געלט — צו די שאַפּ־טשערלייטע און קאָמיטעס אין פאַבריק.

פילע מיינען, אַז אַזוי ווי אין פילע פאַכען איז שוין איינגע־פירט געוואָרען וואָך־אַרבייט, איז שוין במילא אויך אָפּגעשאַפט געוואָרען די באַנדעל־מגפה. אָבער עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! דאָס באַנדעל־כאַפּעניש און דאָס סטאַרען זיך אַריבערצויאָגען איין אַרבייטער דעם צווייטען עקזיסטירט אפילו אין די טריידס (פאַכען) וואו מען אַרבייט וואָך־אַרבייט.

אין פלוג איז טאַקע קשה. ווי קומט עס וואָס וואָך־אַרבייטער זאָלען זיין שטאַרק פאַראינטערעסירט אַריינצוקריגען אַ וואָס בעס־סער באַנדעל אַרבייט און אַרויסיאָגען פון זיך די נשמה „אַריינצו־רייבען“, ווי מען זאָגט אויף דער אַפּערייטאָרישער שפּראַך. וואָס מעהר באַנדלעך? איז אָבער די מעשה אַזוי:

ווען אַן אַרבייטער גייט אַרויף אין אַ פאַבריק אַרבייטען, אַזוי גיט אים דער אַרבייטס־געבער אַ פּאָר באַנדלעך וואָרע אָפּצואַרביי־טען. דער פאַבריקאַנט אָדער זיין פאָרוואַלטער ציילט בשתיקה

נאך ווי לאנג עס הויערט דעם ארבייטער אפצוארבייטען דאס ביי־סעל ווארע, און וואס שנעלער און בעסער דער ארבייטער מאכט די ארבייט אלץ מערער געלד קריגט ער פונ׳ם פאבריקאנט. עס פארשטייט זיך, אז די ארבייטער — אפילו די וואכען־העגט — סטארען זיך מיט אלע מעגליכקייטען וואס שנעלער און וואס מער „ארויסצופושען“ די ארבייט, כדי נושא חן זיין ביי דעם פאבריקאנט, ארויסצוקריגען פון אים א פאר דאלער מער, ווי ער דארף קריגען לויט דעם מינימום־סקייל און ווייזשעס, וואס דער יוניאן־קאנטראקט האט באשטימט פאר אים.

און דעריבער ווען איר וועט גיין איבער די פאבריקען און שעפער און זיך גוט צוקוקען, וואס עס קומט פאר צווישען די ארבייטער זעלבסט, בשעת זיי קריגען די באנדלעך ווארע, אזוי וועט איר זיך אנשטויסען אויף א מערקווירדיגע ערשיינונג. ארבייטער וואס פרעטענדירען צו זיין גוטע טרייד־יוניאניסטען, סאציאליסטען, אנארכיסטען, א. וו. וו׳וניקעס, אויסער דעם שאפ, איז ווי אבער זיי קומען אין פאבריק און הויבען אן צו באקומען דאס באנדעל־חולאת, אזוי ווערען זיי — בוכשטעבליך — אלע פארוואנדעלט אין א סטאדע וועלף. זיי, די ארבייטער, מאכען דעם איינדרוק אזוי ווי א באנדע הונגעריגע און צורייצטע חיות, וואס ווילען איינער דעם צווייטען לעבעדיגערהייט פארצוקען; מען איז אייפערזיכטיג וואס דער צווייטער ארבייטער האט געקראגען א בעסער באנדעל; מ׳רעדט אן אלערליי רכילות צוליב דעם איינער אויפ׳ן אנדערען; מ׳וויל זיך פשוט די אויגען ארויסדראפען. מען הנפה׳ט זיך אונטער צו די פארלייטע און די אלע שיינע ווערטער ווי: ארבייטער־סאלידאריטעט, ברידערליכקייט, פארלירען יעמאלט זייער באדייטונג און זין.

ווי זשע קומט עס, וואס גאנץ גוטע יוניאן־ברידער אויף די יוניאן־פארזאמלונגען, סאציאליסטען ביי זייערע ברענטש־מיטינגען, האלטען ניט אויס דעם עקזאמען בשעת זיי דארפען טאקע באווייזען אין דער פראקטיק, אז זיי מיינען ערנסט וואס זיי פרייריגען? דער תירוץ איז, וואס כמעט יעדער יוניאן־ארבייטער און היגער סאציאליסט באטראכט די יוניאן אלס א ביזנעס, קוקט אויף דער יוניאן ווי

אויף א געשעפט, א קרעמעל, וואס איז באשאפען געווארען צו דינען זיינע איינענע פערזענליכע אינטערעסען. און אויב דאס איז א פראגע צו פארבעסערען זיינע פערזענליכע מא־טעריעלע אינטערעסען, אזוי זוכט ער, דער ארבייטער, ארויסצו־קריגען — דורך אלערליי וועגען — וואס מערער פאר זיך זעלבסט. און מען קען זיי ניט באשולדיגען! ווארים אויב זיי זעען, אז די אלע פירער און טוער פון דער היגער אידישער ארבייטער באוועגונג פארמאגען ניט קיינע פרינציפען, זיינען ניט באזעעלט מיט די הויכע אידעאלען און שטרעבונגען פון דער ארבייטער באוועגונג, נאר ווענדען אן אלערליי מעטאדען (מען מעג זאגען: הינטער־טירלאך און טריקס), כדי אריינצוקריגען א פעטע שטעלע פאר זיך דורך דער ארבייטער באוועגונג, איז גאר קיין וואונדער ניט וואס די ברייטע מאסע וויל אויך נאכטאן דאסזעלבע.

און ניט נאר איז דער גרעסטער טייל פון די היינטיגע פירער און טוער פון דער היגער אידישער טרייד־יוניאן באוועגונג און פון דער סאציאליסטישער פארטיי דזשאב־האלדערס, מענשען וואס קוואפען זיך אויפ׳ן דזשאב, נאר מען איז קיינמאל ניט זיכער, אז די איצטיגע פירערס און טאן־געבערס פון דער היגער אידישער ארבייטערשאפט — וועלכע געברויכען אפט פיל־קנאקענדיגע פרא־זען און געפליגעלטע ווערטער וועגען גלייכהייט און ברידערליכ־קייט, וועגען דער נויט און דחקות פון די מאסען, — זאל מען מארגען זיי אליין ניט טרעפען אינ׳ם לאגער פון די שונאים פון די ארבייטער, אין די רייען פון דער בורזשואזיע.

און די דאזיגע באהויפטונג איז ניט געזאגט געווארען גלאט אין דער וועלט אריין, מיר קענען ברייננען א רייע פאקטען וואס וועלען באווייזען, אז א גרויסער טייל פון די פירער וואס זיינען געשטאנען אין דער שפיצע און פארנומען די גרעסטע שטעלען אין דער היגער אידישער ארבייטער באוועגונג, האבען זיך פאר די לעצטע יארען ארויסגעגליטשט פון דער ארבייטער באוועגונג און איבערגעגאנגען אין די רייען פון דער בורזשואזיע.

פאר אונז ליגט א גרויסער צעטעל פון פערזאנען, וואס זיינען געווען טעטיג אין דער ארבייטער באוועגונג און זיינען לעצטענס

געוואָרען מאַנופעקטשורערס און קעמפען זעהר האַרטנעקיג געגען דיזעלבע יוניאָנס, וועלכע זיי אַליין האָבען געהאָלפען בויען. און אַפילו אייניגע פירער און טאָן־געבער פון דער אַמעריקאַנער סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס צולאָזען זיך אַזוי דעקלאַמאַטאָריש און דונערען געגען די קאַפּיטאַליסטען — בשעת זיי פאַרלאַנגען, אַז די אַרבייטער זאָלען זיי שיקען אין קאָנגרעס — זיינען אַליין שער האָלדערס אין קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען, וואָס באַהאַנד־לען ברוטאַל זייערע אַרבייטער. אויב מיר ווילען אַט די דאָזיגע אַלע פאַקטען האָבען אין זינען, אַזוי דאַרף אונז ניט וואונדערען, וואָס די אַרבייטער מאַסע קוקט מיט אומצוטרוי אויף אירע פירער און טוער און באַטראַכטען זיי אַלעמען אַלס אַ באַנדע נעמיינע דזשאָב־האָלדערס. וואָרים מיר דאַרפען שטענדיג נעדענקען, אַז די וואָס שטייען אַן דער שפּיצע פון דער אַרבייטער באַוועגונג און ריידען וועגען הויכע אידעאַלען און פּרינציפּען, דאַרפען צום ער־שטען אַליין באַווייזען, ניט מיט פראַזען, נאָר מיט מעשים, אַז זיי זיינען ערנסט און גלויבען אַליין אין דעם וואָס זיי פּריידיגען פאַר אַנדערע. און דאָ באַגעגענען מיר טאָג־טעגליך אַזעלכע פאַקטען, וואָס שטעלען אַוועק כמעט אַלע הינגע פירער פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט אין אַ זעהר שלעכטעם ליכט.

אויך אין אייראָפּאַ טרעפען זיך פעלע, וואו פירער און טוער פון דער אַרבייטער באַוועגונג גייען איבער אין׳ם שונא׳ס לאַגער. זיינען, ערשטענס, דאָס אויסנאַם־פעלע; און צווייטענס, ווערען זיי דאָרט געשטעמפּעלט אַלס פאַרעטער (רענעגאַטען) און האָבען מער מיט דער אַרבייטער באַוועגונג קיין שום שייכות ניט. גאַנץ אַנדערש איז אָבער דאָ. ביי אונז, אין דער היגער אידישער אַמע־ריקא, איז דאָס געוואָרען אַ מאָסען ערשיינונג. (עס איז פאַראַנען זאָגאַר אַ פאַרדאַכט, אַז פילע רייסען זיך אַזוי שטאַרק צו קריגען די דזשאָבס אין די יוניאָנס, כדי צו געווינען אַזויערנאַך פּרעס־טיזש און באַקאַנטשאַפט מיט די באַלעבאַטים און ס׳וועט זיי זיין דערנאָך לייכטער איבערצוגיין אין די רייען פון די באַלעבאַטים). און וואָס נאָך ערגער איז, וואָס כמעט אַלע געוועזענע פירער און טאָן־געבער, וואָס זיינען היינט אין די רייען פון דער בורזשואַזיע —און זיינען אָדורכגעדרונגען מיט דער בורזשואַזער פּסיכאָלאָגיע

— ווערען נאך איצט באטראכט אלס גאנץ פיינע מענשען און שפי־
לען א גרויסע ראלע אין געוויסע צווייגען פון דער היגער ארביי־
טער באוועגונג. איר טרעפט פילע פון זיי שפילען די הויפט־
פידעל אין ארבייטער רינג, אין דער סאציאליסטישער פארטיי,
א. ד. גל.

אט אזוי זיינען אויף דער קאנווענשאן פון דער סאציאליסטי־
שער פארטיי, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין ניו יארק, אין
מאנאט מאי, 1920*) געווען פילע דעלעגאטען, וואס זיינען
בראקערס, ביזנעסלייט, סיילסלייט, מאנופעקטשורערס און אפילו
פארלייטע. דעלעגאטען, וואס זיינען טאקע ארבייטער זיינען אינ־
גאנצען געווען ד ר י י צ ע ן.

נו, אין דען א חידוש, וואס די היגע יוניאן־פירער און פארטיי
טוער האבען פארלארען דעם צוטרויען פון דעם פשוט'ען מאסען־
מענש? קען מען דען פאראיבעל האבען אויף די ארבייטער, וואס
זיי קוקען אויף יעדען באצאלטען באאמטען ווי אויף א דזשאב־
האלדער?

*) זע „די קאל", מאי, 1920.

# „סטאנדארד אָוו פּראָדאַקשאָן" און די יוניאָן־פאָרשטייער*)

וואס, אייגענטליך, מיינט „אַ סטאַנדאַרד אָוו פּראָדאַקשאָן"? אונטער דעם וואָרט „סטאַנדאַרד אָוו פּראָדאַקשאָן" ווערט פאַר־שטאַנען, אז יעדער אַרבייטער אין שאַפּ וועט מוזען יעדען טאָג פּראָדוצירען אזוי פיל אַרבייט וויפיל די שאַפּ־קאָמיטע מיט דעם באַלעבאָס פאָרשטייער וועלען באַשטימען. לאָמיר זאָגען, צום ביישפּיל, ווען די שאַפּ־קאָמיטע מיט'ן באָס מאַכען אַ פּראָבע אויף אַ געוויסען אַרבייטער און אויף אַ געוויסען גאַרמענט, און מען קומט צום באַשלוס, אז אַ שניידער דאַרף מאַכען צוואַנציג אַרבעל אַ טאָג, אזוי מוז יעדער שניידער וואָס אַרבייט פון וואָך, מאַכען יעדען טאָג ניט ווייניגער ווי די באַשטימטע סומע אַרבייט. מערער ווי די באַשטימטע צאָל אַרבייט קען ער, פאַרשטייט זיך, מאַכען און דערפאַר וועט דער אַרבייטער, וואַרשיינליך, קריגען צוגעוואָר־פען עקסטרא אַ פּאָר דאָלאַר אויף דער וואָך.

מיר וועלען דאָ פּרובירען אַנאַליזירען די זאָגענאַנטע „טעאָרע־טישע" גרונדלאַגען און מאָטיוון וואָס די יוניאָן־ביוראָקראַטיע גיט אָן פאַר דער איינפירונג פון אַ „סטאַנדאַרד אָוו פּראָדאַקשאָן".

די יוניאָן־פירערס גיבען אָן פאָלגענדע אַרגומענטען פאַר דער איינפירונג פון אַ „סטאַנדאַרד אָוו פּראָדאַקשאָן":

ערשטענס, אזוי ווי די יוניאָן פאָדערט, אז עס זאָל איבעראַל איינגעפירט ווערען וואָך־אַרבייט און אַ געוויסע מינימום שכירות. טענה'ן די פאַבריקאַנטען, לאָמר, — אזוי צו זאָגען: עס גע־פינען זיך אַרבייטער, וואָס אַרבייטען לאַנגזאַמער, און שנעלער. אויב עס וועט איינגעפירט ווערען איין מינימום שכירות קען זיך

*) ערשינען אין „קאַמף", 9־טען יולי, 1920.

טרעפען (מאלע וואס עס טרעפט זיך!), אז א געוויסע צאל „סלאוע" ארבייטער זאלען ארבייטען אין א פאבריק — דאס וועט קאסטען דעם פאבריקאנט טייערער די ארבייטס געלט און וועט, נאטירליך, ניט קענען ביישטיין די קאנקורענץ פון יענעם פאבריקאנט וואס האט גראד ביי זיך די שנעלערע ארבייטער. און דאריבער, אום כדי אפצושאפען די האלז־שניידענדע קאנקורענץ, דארף מען איינפירען א „סטאנדארד אוו פראדאקשאן", וואו די ארבייטס־געלט זאל ניט קאסטען איין פאבריקאנט ביליגער ווי דעם אנדערען.

צווייטענס, — טענה'ט די יוניאן־ביוראקראטיע, — אז ביי דעם איצטיגען סיסטעם פון וואך־ארבייט געפינען זיך ארבייטער, וואס האבען ליב זיך אונטערצופוילען ביי דער ארבייט — און אזוי ווי די ארבייט מוז דאך געמאכט ווערען — מוז דער שנעלערער ארבייטער אויך אפארבייטען פאר'ן פוילען, ווערענד ביי א „סטאנדארד אוו פראדאקשאן" וועט יעדער ארבייטער מוזען ארויסגעבען א געוויסע צאל ארבייט און קיין פוילען זיך וועט ניט אנגיין.

דריטענס, די יוניאן פאדערט געוויסע פארבעסערונגען פאר די ארבייטער. נאך מער: זי, די יוניאן, פאדערט, אז די ארבייטס־געבער זאלען טראגען אויף זיך א געוויסע פאראנטווארטליכקייט פאר דער אינדוסטריע און באזארגען מיט אן ארבייטסלאזען פאנד פאר די ארבייטער ווען עס איז נישטא קיין ארבייט, דארום מוזען אויך די ארבייטער טראגען אויף זיך א געוויסע פאראנטווארטליכקייט פאר דער אינדוסטריע, און זען, אז די ארבייט זאל זיין פראדוקטיוו. און לעזען אלע פראבלעמען אזוי, אז זיי זאלען ניט זיין געגען די אינטערעסען פון דער אינדוסטריע.

פערטענס, איז אין דעם פראיעקט פון א „סטאנדארד אוו פראדאקשאן" ניטא, חלילה, קיין געפאר פאר די ארבייטער, ווייל די באשטימטע צאל ארבייט וואס דער ארבייטער דארף ארויסגעבען ווערט ניט דירעקטירט פונ'ם ארבייטס־געבער אליין, נאר זי ווערט באשטימט פון א שאפ־קאמיטע מיט א פארשטייער פונ'ם באלעבאס.

מיר וועלען איצט פאנאנדערגלידערען די אויבענאנגעגעבענע ארגומענטען און ענטפערען על ראשון ראשון, ועל אחרון אחרון...

לאמיר נעמען דעם ערשטען ארגומענט, וועלכען מען גיט אן, אז דורך א „סטאנדארד אוו פראדאקשאן", וועט אפגעשאפט ווערען די איצטיגע קאנקורענץ צווישען פאבריקאנט און פאבריקאנט. לויט דער דאזיגער ארגומענטאציע ווערט איצט קלאר פאר יעדען וואס פאר א גוואלדיגע אומוויסענהייט אונזערע „גרויסע פרעזידענטען" פון די יוניאנס ווייזען ארויס בנוגע צו דעם געבוי פון דער איצטיגער געזעלשאפטליכער סיסטעם.

יעדער, וואס האט נאר געלערנט דעם אלף בית פון פאליטישע עקאנאמיע, ווייסט, אז די גאנצע איצטיגע קאפיטאליסטישע וועלט האלט זיך אויף קאנקורענץ, פראפיט און שאכער־מאכער — דאס איז דער נערוו און דער רוקען־ביין פון אונזער געזעלשאפטליכער ארדנונג. יעדער פאבריקאנט און מעקלער זעט מיט אלע מעגליכקייטען און ווענדעט אן אלערליי המצאות און שווינדלערייען ארויסצופארקויפען זיין סחורה וואס מערער און ער מוז דארום קאנקורירען סיי מיט'ן פרייז, סיי מיט דער קוואליטעט פון דער ווארע.

אבער אויסער דעם אלעם איז אן אבסורד צו דענקען, אז ביי א „סטאנדארד אוו פראדאקשאן", וועט אלע פאבריקאנטען קאסטען איין־און־דיזעלבע ארבייטס־געלט צו מאכען דעם מלבוש.

עס איז באקאנט, אז ניט אין אלע פאבריקען און שעפער ארבייט מען לויט איין סיסטעם. אין פילע פאבריקען ארבייט מען לויט דער „ארבייטס צוטיילונג"־מעטאדע אויפ'ן העכסטען גראד, וואו אן ארבייטער וואס ווערט איינגעאיבט און ספעציאליזירט אויף א געוויסע טייל ארבייט גיט ארויס אן אן ערך מער ארבייט, ווי אן אנדער ארבייטער וואס דארף טאן א סך ארבייטען. און איז א טייל שעפער ארבייט מען לויט'ן טיילאר סיסטעם*) וואס איז זייער פראדוקטיוו. דערצו דארף מען אויך אין זינען האבען, אז ניט יעדער פאבריקאנט באנוצט זיך מיט איין־און־דיזעלבע מא־

*) טיילאר, איז א נאמען פון א באוואוסטען ערפינדער, וואס האט צונויפגעשטעלט אזא סיסטעם, וואו קיין איין מינוט פון ארבייטער זאל אין צייט פון ארבייט ניט גיין אין ניוועץ.

שינעז. הײנט װעז מעז נעמט נאך איז אמבאטראכט, אז איז פילע פאבריקעז קלערעז די ארבײטער גופא אױס — בײ דער ארבײט — פארשידענע „פעטענטס", סקימס" און „סעקרעטעז" װי אזױ די ארבײט זאל אװעקגײן שנעלער און פראדוקטיװער, איז גאנץ לײכט צו פארשטײן, אז א טײל פאבריקאנטעז װעט קאסטעז אר־בײטס־געלט פיל ביליגער און אז אנדער טײל פאבריקאנטעז װעט דערזעלבער גארמענט קאסטעז פיל טײערער — די ארבײטס־געלט — זאגאר בײ א „סטאנדארד אװ פראדאקשאן".

אבער — טענה'ן אונזערע יוניאן־פירערס, — אז איצט גע־פינעז זיך ארבײטער װאס פוילעז זיך אונטער צו ארבײטעז און עס איז דאריבער די פליכט פון דער יוניאן צו באשיצעז דעם שנעלערן ארבײטער געגעז דעם לאנגזאמערעז (סלאוען). איז קודם כל, דארף פאר אונז קלאר װערעז, אז אױב עס געפינעז זיך אזעלכע ארבײטער זײנעז זײ אן אױסנאם. און יעדער כלל האט א פרט, װארום בײ דעם איצטיגעז סיסטעם פון ארבײט װאס װערט גע־ארבײט מיט א „טיעם" (א גרופע ארבײטער ארבײטעז צוזאמעז און יעדער אײנער טוט אײן טײל ארבײט) איז בכלל אוממעגליך, אז אן ארבײטער זאל גלאט אזױ זיך, דיר נישט מיר נישט, זיך קענעז ארױסדרײעז פון נישט צו ארבײטעז, װײל זײן ניט ארבײ־טען איז זײער קענטיג. און אױב עס טרעפט זיך יא אזא פאל, איז דאס, װארשײנליך, װאס עס האט זיך געטראפעז מיט'ן אר־בײטער א געװיסע סיבה, װי אױסגעמאטערטקײט, פאמיליע קראנק־הײט, אדע אן אנדער צרה. װארום א מענש איז דאך, נאך אלע־מען, ניט קײן מאשין — און זאגאר בײ א מאשין טרעפט זיך דאך צײטעז, װעז עס זשאװערט און טרעשצעט — טא פארװאס זאלעז טאקע אונזערע יוניאן־ברידער ניט ארױסהעלפעז איז אזא פאל? שױן זשע זאל די יוניאן זיך שטעלעז פאר א ציל צו אנטװיקלעז בײ די ארבײטער דעם ענגהארציגעז, פערזענליך עגאאיסטישעז גע־פיל, אנשטאט ברידערליכע הילפע?

איצט לאמיר איבערגײן צו דעם װיכטיגסטעז מאטיװ, װאס אונזערע יוניאן לידערס שטעלעז ארױס פאר דעם פראיעקט פון א „סטאנדארד אװ פראדאקשאן". סטײטש, זאגעז זײ, מיר פאדע־רעז פון די פאבריקאנטעז אײנצופירעז די רעפארמעז פון װאך

ארבייט איבעראל, מיר ווילען א פארזיכערונגס־פאנד פאר ארבייטס־לאזע, טא דארפען מיר אויך בייטראגען א טייל צו דער אינדוס־טריע און הויפטזעכליך טראגען די פאראנטווארטליכקייט פאר דער אינדוסטריע און דאס קען אם בעסטען געטאן ווערען דורך דער איינפירונג פון א „סטאנדארד אוו פראדאקשאן“. אט דא ליגט דער הונד באגראבען, — ווי זאגט דער דייטש, — אט דער געדאנק פון טראגען די פאראנטווארטליכקייט פאר דער אינדוסטריע, פון ניט האנדלען געגען די אינטערעסען פון דער אינדוסטריע, באווייזט, אם בולט'סטען, דעם אפאטרוניזם און קליינבירגערליכען כאראקטער פון אונזערע יוניאן־פארשטייער.

דער געדאנק, אז די ארבייטער דארפען טראגען אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט פון דער אינדוסטריע און ניט זיין געגען די אינטערעסען פון דער אינדוסטריע, איז ניט קיין נייער. נאך אין אנהויב פון ניינצענטען יארהונדערט, ווען דער קאפיטאליזם האט אנגעפאנגען צו בליען, האבען אלע קאפיטאליסטישע אדוואקאטען געפרעדיגט צו די ארבייטער, אז זיי, די ארבייטער, מוזען זיין פאראנטווארטליך צו דער אינדוסטריע. און די יעמאלדיגע סאצי־אליסטען, ווי פערדינאנד לאסאל און אנדערע האבען שטארק און ביטער באקעמפט דעם דאזיגען געדאנק*) אבער נאך מער שער־ליך און רעאקציאנער איז דער דאזיגער געדאנק אין דער איצטי־גער רעוואלוציאנערער עפאכע, וואו די זאגענאנטע „ארבייטער פי־רער“ ווענדען אן אלע מעגליכקייטען צו פארטונקלען דעם קלאַ־סענבאוואוסטזיין פון די ארבייטער. מען האלט אין איין הבא ונתחכמ'ן, ווי אזוי אוועקצורייסען דעם באוואוסטזיניגען שיכט פון דער ארבייטער מאסע, וואס ווערט אלץ מער און מער דורכגעדרונ־גען מיט די רעוואלוציאנערע לאזונגען און פראלעטארישער וועלט־אנשויאונג, גראבט מען אויס פון ארכיוו די אלטע פארשימעלטע טעאריע פון רעפארמען און מען פארשפרעכט כל'ערליי גליקען די ארבייטער אויב זיי וועלען זיין געארכזאם און טון וואס די טאטע

**) זע דעם בוך: „קאפיטאל און ארבייט“ פון פ. לאסאל. אן ענט־פער צו די הערען באסטיא און שולצע דעליטש — צוויי טיפישע פאר־שטייער פון דער יעמאלטיגער ליבעראל־בורזשואזיע.

מאמע הייסען (לעז: די יוניאַן־פאַרשטייער), וועט זיין גוט און וואויל. אָבער נחזור לענינו.

וואָס הייסט, אייגענטליך, אַז די ארבייטער דאַרפען ניט זיין געגען די אינטערעסען פון דער אינדוסטריע? די אינדוסטריע אַז און פאַר זיך איז ניט קיין אַבסטראַקטע זאַך, אָדער אַ געגענשטאַנד וואָס עקזיסטירט אויפ׳ן הימעל. — אַ אינדוסטריע מיינט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און סחורה מיט וועלכע עס ווערט געשאַפען די פּראָדוקטען. געגען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען האָבען די אַרבייטער, נאַטירליך, גאָר ניט אויסצוזעצען. נאָר וואָס דען? עס געפינען זיך אַ געוויסער טייל מענשען, וואָס ווערט באַצייכענט אַלס דער קאַפּיטאַליסטען קלאַס, וועלכער באַזיצט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און זוכט אַלע מעגליכקייטען ארויסצוקריגען פון דעם ארבייטער׳ס פּראַצע וואָס מער פּראָפיט פאַר זיך. אָדער ווי מען רופט עס אַז אין דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפט: „דעם מערווערט“. דערנאָך ווענדעט דער זעלבער קאַפּיטאַליסטען קלאַס אַז אַלערליי מעשים תעתועים, צו שינדען די הויט פון די ברייטע מאַסען, כדי אריינצוכאַפּען וואָס מער פאַרדינסט צו זיך אין קעשענע, אָדער מען ארבייט אַז פּראָדוקטען אויף אַז אַנאַרכישען אופן און דער אָנבאָט איז גרעסער ווי די נאָכפראַגע, ברעכט יעמאָלט אויס אַז עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס וואַרפט אריין די ארבייטער אין דעם שרעקליכסטען ארמוט און נויט — אָט פאַר די אינטערעסען פון דער אינדוסטריע, וועלכע איז די אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע, דאַרף דער ארבייטער טראָגען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט? טאָר דער ארבייטער־קלאַס ניט באַקעמפען און זיין געגען די באַזיצער פון דער אינדוסטריע — די בורזשואַזיע? די פראַגע איז: דאַרף דער ארבייטער־קלאַס פאָדערן, אַז דער גאַנצער ווערט פון פּראָדוקט זאָל באַלאַנגען בלויז צו אים, צום ארבייטער־קלאַס, און דער פּאַראַזיטען־קלאַס, וואָס לעבט בלויז פון מער ווערט זאָל אָפּגעשאַפט ווערען? לויט דעם געדאַנקענגאַנג פון די יעניגע וואָס זיינען פאַר אַ „סטאַנדאַרד אָוו פּראָדאַקשאָן“, „פאַר דער פאַראַנטוואָרטליכקייט פון דער אינדוסטריע“, „ניט זיין געגען די אינטערעסען פון די באַזי־

צער פון דער אינדוסטריע", ווערט במילא אינגאנצען אפגעלייקענט דער קלאסענקאמף און די ארבייטער האבען ניט קיין רעכט צו פאדערן, אז זיי זאלען זיין די באזיצער פון דער אינדוסטריע.

מיר פארשטייען דעם גאנצען פלאנטער אין וועלכען די אזוי פיל פארשריענע „פראגרעסיווע" „אמאלגאמייטעד" יוניאן־לידערס האבען זיך אריינגעוועבט. אויך אויף דער „אמאלגאמייטעד" רוט די קללה פונ'ם אמעריקאנער טרייד־יוניאניזם, וואו די ארבייטער פארשטייער קומען ניט מיט פאדערונגען צו די פאבריקאנטען אלס שטאלצע ארבייטער, אלס פארשטייער פון אן עקספלואטירטען און אונטערדריקטען קלאס, וואס פילען, אז זיי זיינען באַרעכטיגט צו דעם, זיי שטעלען זיך ניט אויפ'ן שטאנדפונקט פון קלאסען־קאמף, נאר קומען הכנעה'דיג, און סטארען זיך מיט אלע מעגליכקייטען אפצוואווישען דעם קלאסענקאמף. נאך מער: די ארבייטער־פארשטייער סטארען זיך מיט אלערליי פשט'לעך און סאפיזמען צו באווייזען, אז א יוניאן איז נאר א טובה פאר די פאבריקאנטען, ווייל דאס וועט אפשאפען די קאנקורענץ, א. אז. וו., און עס איז שוין אן אלטער כלל: דער וואס זאגט אלף מוז אויך זאגען בית.

עס איז דעריבער כדאי צו מאכען א פאראלעל צווישען דעם שיידעמאניזם אויפ'ן פאליטישען געביט און דעם שיידעמאניזם אויפ'ן עקאנאמישען געביט. אויך דער שיידעמאניזם אין דייטשלאנד האט גע'טענה'ט צו די ארבייטער: אז זיי האבען פארפליכטונגען צום שטאאט, אז אין דייטשלאנד איז געווען די בעסטע סיסטעם פון ארבייטער פארזיכערונג, אז אין דייטשלאנד וועלען די ארבייטער ביסלעכווייז אריינוואקסען — דורך פארשידענע רעפארמען — אין דער סאציאליסטישער געזעלשאפט. — און דערפאר דארפען די דייטשע ארבייטער גיין אין קריג און אוועקגעבען זייער לעבען. פונקט דאסזעלבע טענה'ן איצטער די פירער פון דער „אמאלגאמייטעד". מען גייט פאדערען איצטער איינפירען איין ארבייטסלאזען פאנד, מ'האט אנגענומען פארשלאגען וועגען קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען און אנדערע רעפארמען. דערפאר, ברידערלאך ארבייטער, נעמט אן א „סטאנדארד אוו פראדאקשאן", זייט ניט קיין שקצים, און גייט ניט געגען די אינטערעסען

פון דער אינדוסטריע, נאָר יאָגט ארוים פון זיך די נשמה, פארלירט שנעל אייער ביסעל כח, גייט יונגערהייט אין דר'ערד — אלץ צו־ליב וועמען? — צוליב דעם קלאַס פאַראזיטען און אונטערדריי־קער!

דאָס וואָס מען גיט אָן אין נדן, אז די „סטאנדארד אוו פראָ־דאַקשאַן" וועט אויך באשטימען אַ קאמיטע פון שאָפּ — דאָס איז לעכערליך און נאַריש, ווייל אויך די פרייז פון אַ שטיק ארביי־טער ווערט באשטימט דורך אַ שאָפּ־קאַמיטע, און דאָך איז יעדער באוואוסטזייניגער ארבייטער געגען שטיק־ארבייט.

זאָל דאָ גלייך געזאָגט ווערען, אז די קאַמוניסטען זיינען ניט אונטער אלע אומשטענדען געגען אַ „סטאנדארד אָוו פראָדאַקשאַן". אָבער דאָס קען נאָר געמאָלט זיין יעמאָלט, ווען דער ארבייטער קלאַס איז דער באַלעבאַס איבער'ן עקאָנאָמישען און פאָליטישען לעבען פון לאַנד — אין דער פארמע פון פראָלעטארישער דיקטאַ־טור, ווייל יעמאָלט שאַפט דער ארבייטער פאַר זיך אליין און פאַר דעם וואוילזיין פון זיין קלאַס. אקוראַט ווי זיי זיינען ניט געגען מלחמה, אויב די מלחמה ווערט געפירט פאַר דער אמת'ער באַ־פרייאונג פונ'ם ארבייטער קלאַס, אקוראַט ווי עס איז איצט דער פאַל אין רוסלאַנד.

פון דעם אלעם איז קלאָר, אז די אלע יוניאָן־לידערס, וועלכע אגיטירען א י צ ט פאַר אַ „סטאנדארד אָוו פראָדאַקשאַן" זיי־נען פ ש ו ט ' ע ק אַ מ י וואיאזשארען (מעקלער) אין די הענט פון די פאבריקאנטען, וואָס זוכען אויס אלערליי שמד שטיק ארויסצופרעסען פון די אר־בייטער וואָס מער כוח און ענערגיע פאַר די פריוואַט פראָפיטען פון די ארבייטס־געבער.

## ווי אַזוי די יוניאָן־ביוראָקראַטיע פירט סטרייקס.

עס איז שווין אַ אַנגענומענער כלל, אַז אין קיין לאַנד אין דער וועלט ווערט ניט אַזוי וואולגאַריזירט דער קלאַסענקאַמף ווי אין דער היגער מדינה; אין קיין לאַנד אויפ׳ן ערד־קוגעל, וואו עס איז נאָר פאַראַן אַ אַרבייטער־באַוועגונג, ווערט ניט געפירט קיין סטרייקס מיט אַזעלכע מיאוסע מעטאָדען און מיטלען, ווי מען פירט סטרייקס אינ׳ם היגען לאַנד; קיין אַרבייטער אָרגאַניזאַציע אין אייראָפּא, וואָס האָט נאָר אין זיך אַביסעל זעלבסטרעספּעקט, ווענדט ניט אָן אַזאַ שתדלנות און בעטלער פּאָליטיק, ווי די אַר־בייטער אָרגאַניזאַציעס פון אַמעריקאַ.

ביי אונז אָבער אינ׳ם היגען לאַנד, וועלכע איז אַזוי רייך מיט טעכנישע ערפינדונגען, האָט מען אויך געמאַכט אַ נייע ערפינדונג בנוגע דעם קלאַסענקאַמף. אין דער „פּרינציפּען“־ערקלערונג פון דער אַמעריקאַן פעדערייששאַן אָוו לייבאָר איז אַ וואָרט ניט דער־מאָנט וועגען אָפּשאַפען פּריוואַט־אייגענטום און דעם באַזיץ פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון דער בורזשואַזיע. דער העכסטער „פּרינציפּ“, צו וועלכען די אַמעריקאַן פעדערייששאַן אָוו לייבאָר האָט זיך געקענט דערהערען, ענדיגט זיך מיט די ווערטער: „צו באַאיינפלוסען די געזעלשאַפטליכע מיינונג דורך פרידליכע און לעגאַלע מעטאָדען לטובת די אָרגאַניזירטע אַרבייטערשאַפט“.

נו, מילא, וועט איר זאָגען, אַז די אַמעריקאַן פעדערייששאַן אָוו לייבאָר איז טאַקע אַ רעאַקציאָנערע אָרגאַניזאַציע, וואָס אפילו דער געלער „פּראָגרעסיוו“ ערלויבט זיך אַמאָל אין אַ יובל אַ שטאָך צו טאָן זיין מאַיעסטעט ר׳ שמואל גאָמפּערס, אָבער אונזערע אידישע יוניאָנס, וועלכע פּאַרטרומייטערען די וועלט, אַז זיי זיינען כלומרשטדיג סאָציאַליסטיש, ראַדיקאַל און וואָס איר ווילט אין דער וועלט, אַז זיי זאָלען זיך באַנוצען מיט דער זעלבער און אָפט־מאָל נאָך שענדליכערער פּאָליטיק ווי די אַמעריקאַן פעדערייששאַן

און לייבאר — דאס וועט זיך א געוויינליכער ארבייטער ניט גלויבען. נו, ווייל איך דא ברייננגען א גאנצע רייע פאקטען צו באווייזען ווי אזוי די פירער פון דער היגער אידישער ארבייטער־באוועגונג פארטייטשען דעם קלאסענקאמף און וואס פאר א געמיינע און שענדליכע מה יפית און שתדלנות פאליטיק זיי ווענדען אן אין צייט פון א סטרייק.

קודם כל איז טיף איינגעווארצעלט ביי די פירער פון דער היגער אידישער ארבייטער־באוועגונג, אז עס איז פאראן גוטע פאבריקאנטען און שלעכטע. די גוטע פאבריקאנטען וואלטען אליין געוואלט, אז די ארבייטער זאלען האבען מכל טוב און אלעם געווינען, און די שלעכטע פאבריקאנטען ווילען די ארבייטער עוקר מן השורש זיין. אין אנדערע ווערטער, די פירער באטראכטען ניט דעם קלאסענקאמף אלס א רעזולטאט פון געגענזעצליכע אינטערעסען, נאר פון גוטהערציגקייט און שלעכטע מענשען.

מיר ווילען דא ברייננגען די ציטאטען וואס די פירער פון די צוויי גרויסע יוניאנס — די אינטערניישאנאל ליידיס גארמענט ווארקערס און די אמאלגאמייטעד — האבען געשריבען בשעת זיי האבען געפירט סטרייקס.

אין „פארווערטס" פונ'ם 28טען דעצעמבער, 1919, געפינען מיר א סטייטמענט פון „גענאסע" שלעזינגער וועגען דעם ערב לייידיס ווייסט מייקערס און דרעס ארבייטער סטרייק:

....„אלע האבען זיך געוואונדערט, ווי דאס קומט, אז אין דיזער אינדוסטריע זאל פלוצלונג אנטשטיין א לאגע פון ערב א גרויסען סטרייק. די לעצטע עטליכע יאר ווען די ליידיס ווייסט מייקערס יוניאן האט געשטעלט פאדערונגען, פלעגעןביידע צדדים — די יוניאן און די מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן — זיך צוזאמענקומען און אויסגלייכען זיך. איצט אבער האלט עס ביי א סטרייק, ווייל די אויבערהאנט אין די (דער ?) מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן האבען געקראגען די פארביסענסטע באסעס. דארט זיינען טאקע דא ליבעראלע מענשען — ערקלערט שלעזינגער — וואס וואלטען קיין סטרייק ניט געוואלט האבען. זיי זיינען אבער א מינאריטעט".

ווי איר זעט, האָט מר. שלעזינגער אָפיציעל ערקלערט, אז דער סטרייק פון די ליידים ווייסט מאכער אין 1919, איז געווען בלויז א רעזולטאַט פון ניט ליבעראלע מאַנופעקטשורערס. אבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס. די פירער פון דער היגער ארבייטער־באַוועגונג האָבען זיך איינגערעדט, אז א סטרייק געווינען ניט די סטרייקענדע ארבייטער, נאָר די געזעלשאַפטליכע מיינונג („פּאַבליק אָפּיניאָן"). אַי, אז די זאָגענאַנטע געזעלשאַפטליכע מיינונג באַשטייט פון סוחרים, פאַבריקאַנטען, קליין־קרעמער, פּאָליסלייט, פּעדלער און גלאָט מענשען, וואָס זיינען ניט פארבונדען מיט די אינטערעסען פון די ארבייטער און האַנדלען אָפט געגען די ארבייטער — דאָס גייט ניט אָן אונזערע לידערס, נאָר זיי מאַכען דעם איינדרוק, אז די „פּאַבליק אָפּיניאָן" איז די איינציגע וואָפע פון די ארבייטער צו געווינען א סטרייק.

אָט איז א סטייטמענט וואָס מר. זיידמאַן, דער געוועזענער פירער פון דעם ליידיס ווייסט מאכער סטרייק אין 1919, שרייבט אין „פאָרווערטס" פון'ם דריטען יאַנואר אין דעמזעלבען יאָר.

„יאָ, מיר די יוניאָן איז גרייט זיך צו פאַרלאָזען אז די „פּאַבּליק אָפּיניאָן" זאָל באַשליסען ! ווילען דאָס די מאַנופעקטשורערס? נייז. זיי באַנעמען זיך גראָב און באַליידיגענדיג צו „פּאַבליק אָפּיניאָן".

נאָך מער : שלעזינגער, דער „סאָציאַליסט". ווענדעט זיך מיט א בריף צו מעיאָר היילען, וואו ער בעט זיך ביים מעיאָר (איר הערט, ביים טעמעני מעיאָר !) אזוי ווי זיי ווענדען אָן אלע מיטלען אויסצומיידען א סטרייק צוליב די אינטערעסען פון'ם אלגעמיינעם פּובליקום א. אז. וו.*) אין אנדערע ווערטער, מען האָט ניט אין זינען די אינטערעסען פון די ארבייטער, נאָר די אינטערעסען פון'ם „פּובליקום".

עס וועט אויך זיין אינטערעסאַנט צו וויסען ביי וועמען די יוניאָן־פירער פון דער ליידיס ווייסט מייקערס האָבען געזוכט גערעכטיגקייט פאַר'ן סטרייק. אָט וואָס מיר לייענען : „פרייטאָג, דעם 10טען יאַנואר, האָט די יוניאָן אַרויסגעשיקט בריף צום סעק־

*) זע „פאָרווערטס", 17טען יאַנואר, 1919.

רעטאר פון פרעזידענט ווילסאָן; צום יוניטעד סטייטס לייבאָר דעפּאַרטמענט; צו דער נייּשאַנאַל לייבאָר וואָר באָרד; צום גאַ־ווערנאָר פון ניו יארק סטייט; צום מעיאָר פון שטאָט; צום פּאָ־ליס־קאָמישאַנער; צום דיסטריקט אטוירני, צו פילע דזשאַדזשעס. צו גלחים, צו מעדזשיסטרייטס און דזשאַדזשעס פון העכערע קאורטס און צו אלע קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען. (זע „פאָרווערטס" דעם 1טען יאנואר, 1919).

אָט ביי וועמען די פירער פון דער זאַגענאַנטער „סאָציאַליס־טישע" אינטערנעישאַנאַל לײדיס גארמענט װאָירקערס האָט געזוכט גערעכטיגקייט פאר די אַרבייטער אין צייט פון א סטרייק!

איר וועט אפשר זאָגען, אז די אינטערנעישאַנאַל לײדיס גאר־מענט װאָירקערס איז א טייל פון דער אמעריקאן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און באַנוצט זיך מיט דיזעלבע מעטאָדען און מיטלען ווי די גאנצע אמעריקאן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. נו, לאָמיר דארום ברײנגען פאקטען ווי אַזוי די פיל פאַרשריענע פּראָגרעסיווע און ראַדיקאַלע אמאַלגאַמייטעד קלאָדינג װאָירקערס פירט אָן סטרייקס.

אין „פאָרווערטס". דעם 10טען דעצעמבער, 1918, געפינען מיר אן ערקלערונג פון סידני הילמאַן, דער פּרעזידענט פון דער אמאלגאַמייטעד, ווי ער זאָגט צווישען אנדערס:

....„אונזער אָרגאַניזאַציאָן האָט אין א גוטען גייסט פאָרגע־בראַכט פאָדערונגען אויסצובעסערען די אַרבייטס־באַדינגונגען כדי די מאַנופעקטשורערס זאָלען קענען באַצייטענס מאכען די נויטיגע אַראַנדזשמענטס פאַר די ענדערונגען אין די שעפּער, און זאָלען קענען אַראַנזשירען די פרייזען אויף די באַשטעלונגען וואָס זיי וועלען קריגען".

און ווייטער.

„ענדליך האָבען אויך די פאַבריקאַנטען אנגעהויבען איינצו־זען די גערעכטיגקייט פון די פאָדערונגען פון די אַרבייטער. נעכ־טען האָט א גרויסע טשילדרען קלאָדינג פירמע געסעטעלט מיט דער יוניאָן נאָכגעבענדיג די פאָדערונגען פון די אַרבייטער. ביים סע־טעלמענט האָט דער פאַרטרעטער פון דער פירמע, מר. קאָהען, ער־קלערט צו הערי קאָהען, דעם מענעדזשער פון דער יוניאָן, אַז ער איז העכסט צופרידען וואָס די אַרבייטער וועלען אַרבייטען 44

שטונדען. ער האָט געוואונשען די ארבייטער צו געווינען זייער גערעכטען קאמף".

באַטראַכט נאָר גוט די ראַזיגע ערקלערונג, וואָס די פאַר־שטייער פון דער אמאלגאמייטעד יוניאָן האָבען דאָ געגעבען און איר וועט זען וואָס פאַר א נידעריגע מה יפית שטיק און געמיינע שתדלנות עס ליגט אין דעם. מען וויל דערמיט ווייזען די אומ־אנטוויקעלטע ארבייטער, אז עס געפינען זיך אזעלכע גאָלדענע מאַ־נופעקטשורערס, וואָס ווערען ממש צוגאַנגען פון שמחה ווען זיי גיבען נאָך די ארבייטער, און אז זיי (דער טייל מאַנופעקטשורערס), זיינען נאָר אויסען די טובה פון די ארבייטער, און גלייכצייטיג זיך אויספיינען פאַר די באַלעבאַטים, אַז זיי זיינען שיינע לייט.

און ניט נאָר די פאַרשטייער פון דער היגער אידישער טרייד־יוניאָן באַוועגונג זיינען מה יפית אידלאַך. אויך די אידישע סאָ־ציאַליסטישע פירער האַלטען אין איין ציטערען לאָמאָ יאמרו הגוים. אַט אַזוי האָבען אנומעלט דער קאַלטשאַקיסט מ. באַראַנאַוו און דער אַלטער ב. פייגענבוים, אַרויסגעטראָטען מיט אַרטיקלען אין „פאָרווערטס", אז די אידישע אַרבייטער זאָלען זיך למען השם ניט אַנשליסען אין די קאָמוניסטישע פּאַרטייען, ווייל... לאָזט אונז זיצען על סיר הבשר. און אין די סאָציאַליסטישע רייען גופא הערשט אַזאַ הפקרות, אז איינער ווייסט ניט פון צווייטען. איר האָט דאָ א הילקוויט־סאָציאַליזם און א מאיר לאָנדאָן־סאָציאַליזם, אָן אב. קאַהאַן־סאָציאַליזם און א צביון־סאָציאַליזם. די סאָציא־ליסטישע פאַרטיי פון אמעריקאָ איז געווען געגען דער מלחמה און מאיר לאָנדאָן, דער סאָציאַליסטישער קאָנגרעסמאַן און די ניו יאָר־קער סאָציאַליסטישע באָרד אָוו אַלדערמען זיינען געווען פאַר'ן קריג, און דאָך זיינען זיי, די סאָציאַליסטען, וואָס האָבען ניט געפאָלגט די באַשלוסען פון דער פאַרטיי, ווידער קאַנדידאַטען פון דערזעלבער פאַרטיי. מר. בנימין שלעזינגער, דער פאַרשטייער פון „פאָרווערטס", דער פּעזידענט פון דער „סאָציאַליסטישער" אינ־טערנייִשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואַירקערס יוניאָן, וואָס פּרעטענ־דירט צו זיין א סאָציאַליסט פאַר צענדליגע יאָרען, קען דעם 4טען אָקטאָבער, 1919, שרייבען א בריף צו סעמועל אונטערמייער, אז זיין, אונטערמייערס זונס קאַנדידאַטור, וואָס איז געווען אַרויסגע־

שטעלט אויף דעם טעמעני האל טיקעט, וועט קריגען די אונטער־שטיצונג פון דער עפענטליכער מיינונג; ווען די פארשטייער פון דער קלאוקמאכער יוניאן, וועלכע צערייסען זיך אין קאמפיין־צייט די היטלען פאר די סאציאליסטען, און צום סוף ווען עס ווערט ערוויילט דער דיסטריקט אטוירני סוואן פון טעמעני האל, נעמען זיי אן באגריסונגס־רעזאלוציעס פאר סוואנ'ען און ברייננען אים בלומען אין געריכט אריין; ווען די פארשטייער פון דער אינטער־נייישאנאל ליידיס גארמענט ווארקערס יוניאן נעמען אן א באַ־דויערונגס רעזאלוציע אויפ'ן טויט פון דזשייקאב שיף, שרייבענ־דיג: „מיר דריקען אויס דעם מיטגעפיל, ווייל מיר האבען הויך געשעצט זיין מאראלען קוראזש און פריינטשאפט צו די אידישע ארבייטער" ווערענד עס איז יעדען באקאנט ווי דער פארשטארבע־נער דזשייקאב שיף איז געווען איינער פון די גרעסטע באן־מאג־נאטען און מערדערליך זיך באצויגען צו די אייזענבאן־יוניאנס. באזונדערס צו די אזוי גערופענע „אויסער געזעץ" יוניאנס, און עס איז אפילו פארצייכענט איינינע פעלע אינ'ם פייער דעפארט־מענט, ווי מר. דזשייקאב שיף איז געווען שטראפירט מיט קליינע שטראפען, ווייל זיינע פעקטארים זיינען געווען אמת'ע פייער־פאסטקעס, — ווען מען נעמט דאס אלעס אין אמבאטראכט, — איז גאר קיין וואונדער ניט, וואס יעדער רעכטדענקענדער אר־בייטער גיט מיט עקעל א שפיי אויף דער גאנצער יוניאן־ביוראקרא־טיע, אויף דער „פארווערטס" באנדע און זאגט: אז זיי זיינען אלע א כאפטע בלאפער. מה יפית אידלאך און געמיינע נפשות, וואס האנדלען מיט מענשען, פרינציפען און אידעען, אבי אריינצוקריגען וואס מערער „קלינגערס" פאר זיך.

# די יוניאָן־ביוראָקראטיע ביי דער אַרבייט*)

אין קיין לאַנד אין דער וועלט געפינט מען ניט אַזא גלייכ־גילטיגע באַציאונג פון אַרבייטער צו זייערע פּראָפעסיאָנעלע אָר־גאַניזאַציעס — די יוניאָנס — ווי ביי די אידישע אַרבייטער פון אַמעריקא (וועגען אַנדערע, ניט אידישע, יוניאָנס, ריידען מיר איצט ניט). און ניט נאָר זיינען די ב ר י י ט ע אידישע אַרבייטער מאַסען פּאַסיוו און הויבען זיך ניט אָן צו אינטערעסירען מיט'ן לעבען און שטרעבען פון זייער יוניאָן, נאָר מ'קען אָפט טרעפען אין יעדער יוניאָן א היבש ביסעל אַרבייטער — און גראָד ניט פון ערגערען עלעמענט — וואָס רעדען אַרוים דאָס וואָרט יוניאָן מיט פאַראַכטונג. איין טייל אַרבייטער רופען אָן די יוניאָן — „אַניאָן“, אָדער „יונקע“, און א צווייטער טייל אַרבייטער זאָגט אייך: די אַמעריקאַנער יוניאָנס זיינען אויך מיר אָן אַרבייטער אָרגאַניזאַציע? קורץ, דער גאָר גרויסער טייל פון די אידישע אַרבייטער, וואָס באַ־לאַנגען אָפיציעל צו דער יוניאָן און צאָלען דאָרטען רעגולער זייערע אָפּצאָלונגען און ערפילען אַנדערע יוניאָן־פליכטען, זיינען אין דער אמת'ן אומצופרידען מיט זייער אייגענער עקאָנאָמישער אָרגאַני־זאַציאָן — די יוניאָן.

און עס שטעלט זיך א פראַגע: ווי קען עס געמאָלט זיין דאָס באַוואוסטזיניגע אַרבייטער זאָלען האָבען אַזא מין באַציאונג צו זייער וויכטיגער קאמפּס־אָרגאַניזאַציע? פון וואַנען נעמט זיך ביי די רעוואָלוציאָנערע אידישע אַרבייטער אַזא מיסטרויען צו זייערע אייגענע ערוויילטע באַאַמטע? ווען מען קוקט זיך אָבער גוט איין צו דער גאַנצער טעטיגקייט און פירונג פון די יעניגע, וואָס שטייען ביים רודער און גיבען דעם טאָן אין דער יוניאָן ((יוניאָן־מאַשין בלע"ז), אַזוי ווערט פאַרשטענדליך פאַר וואָס עס וואַקסט אויס

*) ערשינען אין וועכענטליכען זשורנאַל „פונקען“, פעברואַר, 1920.

אזא מין פיינטליכע באציאונג, ווי אזוי עס איז אנטשטאנען די שטארקע מחיצה צווישען דער אפיציעלער יוניאן און דער ברייטער מיטגלידערשאפט.

קודם כל דארף מען אין זינען האבען, אז כמעט אלע גרויסע אידישע יוניאנס מיט זייער פיל־צאליגער מיטגלידערשאפט זיינען ניט ארויסגעוואקסען אלס א רעזולטאט פון יארענלאנגער קולטורעלער אנטוויקלונג און קלאסענבאוואוסטזיין, נאר זיינען אנטשטאנען מיט אמאל, ספאנטאן. געוויינליך איז דאס פארגעקומען אויף אזא אופן: א גרופע אנטוויקעלטערע און אינטעליגענטערע מיטגלידער פון א געוויסען פאך, האבען זיך ארגאניזירט און גענומען רופען און וועקען די איבעריגע ארבייטער פון טרייד צו ארגאניזירען זיך אין א יוניאן. עס איז אבער קיינמאל ניט געלונגען דעם באוואוסטזיניגען טייל פון דער אידישער ארבייטערשאפט צו בילדען און אנטוויקלען קודם כל א שטארקע יוניאן, צו ערציען און לערנען די ארבייטער אלס קלאסענבאוואוסטע קעמפער און נאכהער זאלען די ארבייטער פון א געוויסען טרייד ארויס אין א גענעראל סטרייק פאר בעסערע לעבענסבאדינגונגען. די געשיכטע פון דער אידישער טרייד־יוניאן באוועגונג אין אמעריקא לערנט אונז, אז די היגע אידישע יוניאנס זיינען געבויט געווארען גאר אויף אן אנדער אופן ווי ערגעץ אנדערש. (פון אויסנאמען רעדען מיר ניט. ניט דא איז דער פלאץ צו באשפרעכען פאר וואס עס איז אזוי פארגעקומען. מיר ווילען דא נאר קאנסטאטירען דעם פאקט). פארגעקומען איז דאס אויף אזא שטייגער: פריהער האט א קליינער טייל באוואוסטזיניגע ארבייטער געהאמערט און געבומט פאר א גענעראל סטרייק פונ'ם גאנצען טרייד. מ'האט זיך פשוט פארלאזט אויף דער הויכער מאראלער ערציאונג און רעוואלוציאנערען געפיל, וואס דער אידישער ארבייטער באזיצט, אז ער וועט ניט גיין סקעבען. און אין צייט פון א סטרייק, האט מען זיך געשטארעט איינצוהאלטען דעם סטרייקענדען עולם דורך אלערליי פארשפרעכונגען און כל'ערליי גליקען, מען האט אנגעווענדעט אלע מיטלען צו ערוועקען ביי דער ברייטער אומאנטוויקעלטער מאסע דעם פערזענליכען עגאאיסטישען געפיל, און ווען א גענעראל סטרייק פון א טרייד פלעגט טיילווייז געוואונען ווערען, אזוי

פלעגט מען דעם געווינס צופויקען און צוטרומייטען, גלייך ווי דער ארבייטער איז שוין פאלקאב דערלייזט געווארען פון זיינע צרות. מיט איין ווארט: מען האט ניט געפרובירט אנטוויקלען ביי דער ברייטער מאסע די אחריות, די זעלבסטאויפאפערונג לטובת הכלל; מ'האט ניט געקנעלט מיט'ן עולם וועגען די הויכע אידעאלען און צילען, וואס דער טרייד־יוניאניזם שטעלט מיט זיך פאר פאר דער ארבייטערשאפט, נאר מ'האט איינגערעדט די ארבייטער, אז די יו־ניאן האט זיך געשטעלט אלס א ציל די באלדיגע געווינסען פאר יעדען איינעם. און בלויז דאס.

וואס איז דער רעזולטאט פון אזא מין בליק אויף דער יוניאן, מצד דער ברייטער ארבייטער־מאסע?

דער רעזולטאט איז, אז עס האט זיך אויסגעארבייט א מין פסיכאלאגיע ביי דער גרעסטער צאל מיטגלידערשאפט פון די יו־ניאנס, דאס די יוניאן איז אזא אינשורענס געזעלשאפט, וואו דער ארבייטער צאלט איין א געוויסע סומע געלט און די יוניאן־טשי־נאווניקעס (ביזנעס־איידזשענטס) באשיצען אים אין א צייט פון א סכסוך צווישען אים און פאבריקאנט.

דערצו דארף מען געדענקען נאך א זאך: די קאלעקטיווע אפ־מאכען (אגרימענטס). וואס די היגע יוניאנס האבען מיט די באַ־לעבאטים, ערלויבען ניט צו סטרייקען אזוי לאנג ווי דער אפמאך איז אין קראפט, ווי אויך דער גאנצער יוניאן אפאראט איז אזוי אוועקגעשטעלט געווארען, אז מען פאראליזירט און מען צאמט איין די זעלבסט־טעטיג־קייט פון די ברייטע מאסען גופא.

און ווירקליך, ווער עס באאבאכטעט ווי אזוי די יוניאן בע־אמטע פירען פארהאנדלונגען מיט די באסעס און ווי אזוי זיי גלייכען אויס סכסוכים, דער קען לייכט זען, אז די יוניאן פארשטייער ווערען פארוואנדעלט אין א מין סארט אגענטען וואס פארקויפען די סחורה צו די באלעבאטים פאר אזא און אזא פרייז.

מיר וועלען עס אילוסטרירען מיט א ביישפיל וואס וועט קלע־רער מאכען דעם גאנצען ענין.

ווען א באַלעבאָס גייט איינקויפען, לאָמיר זאָגען, לעדער, כדי צו פּראָדוצירען שיך, גייט ער אַוועק צו אַ געוויסע פירמע, וואָס מאַכט די לעדער און דינגט זיך אוים מיט דער פירמע אָדער מיט אַן אַגענט פון דער פירמע, אַ געוויסען פּרייז פאַר די לעדער. ער דאַרף אָבער אויך האָבען נאָך אַ מין סאָרט וואַרע (סחורה), וואָס מאַכען די שיך: — די ארבייטס־קראַפט פון די ארבייטער — גייט ער אַוועק צו אַ יוניאַן־פאַרשטייער, וואָס איז דער אַגענט פון דעם ארבייטערס וואַרע, און קריגט ביי אים די ארבייטער פאַר אַ געוויסען פּרייז. מיט אַנדערע ווערטער: די ארבייטער גופא פון דעם שאָפּ וואו זיי זיינען באַשעפטיגט, טאָרען אַליין דירעקט ניט קעמפען פאַר אַ העכערען פּרייז פאַר זייער וואַרע (ארבייטס־קראַפט), ווייל דאָס איז פאַרבאָטען דורכ'ן אַגרימענט, נאָר זיי, די ארבייטער, ווערען פאַקטיש פאַרוואַנדעלט אין אַ מין טויטע סחורה, פאַר וועלכע זייער אַגענט (דער יוניאַן איידזשענט) דינגט אויס פאַר זיי דעם פּרייז.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מין יוניאַן מעכאַניזם, וואָס שליסט אויס די טעטיגקייט פון די ברייטע מאַסען אין זייער טאָג־טעג־ליכען קאַמף, מוז זיך פאַרוואַנדלען אין אַ יוניאַן ביוראָקראַטיע. דערפאַר הערשט אָפט אַזאַ מין פיינטליכע באַציאונג מצד דער גרויסער מיטגלידערשאַפט צו זייערע יוניאַן־באַאַמטע, ווייל די ברייטע מאַסע קוקט אויף דער יוניאַן, ווי אויף אַ ביזנעס (אַ געשעפט), וואו מען וויל אַרויסקריגען דעם מאַקסימום פּראָפיט פאַר אַ מינימום איינצאַלונג, און די יוניאַן פירער קענען זיי דאָס ניט געבען.

און ווען מען נעמט נאָך אין אַמבאַטראַכט, אַז אַ גרויסער טייל פון די יוניאַן פאַרשטייער און באַאַמטע גייען אַוועק טאָג־טעגליך צום געגנערישען צד און ווערען פאַרלייטע, באָסעס און גלאַט אַגענטען פון ביזנעס־פירמעס, איז דאַריבער גאָר קיין וואונ־דער ניט, וואָס די מיטגלידער פון דער יוניאַן „קוקען דורך די פינגער" אויף אַלץ וואָס די יוניאַן באַאַמטע טוען.

מיר וועלען דאָ אין קורצען רעזומירען דאָס אויבען־געזאָגטע אין דריי פּונקטען:

1) די יוניאָן־פירער און טאָן־געבער האָבן איינגעפלאַנצט אין די ברייטע מאַסן דעם געדאַנק, אַז די יוניאָן איז אַ ביזנעס, וואו די אַרבייטער דאַרפן קריגן די באַלדיגע מאַטעריעלע נוצן און געווינסן. דערמיט האָט מען אַרויסגענומען די נשמה פון דער טרייד יוניאָן באַוועגונג און צוגענומען די מעגליכקייט, דאָס די אַרבייטער מאַסע זאָל זיך אויפאָפּפערן פאַר אַ זאַך, וואָס ברענגט ניט אַריין קיין באַלדיגע געווינס, זאָלן קעמפן פאַר אַן אידייע.

2) דורך די אָפּמאַכן מיט די באַלעבאַטים, וואָס פאַר־ווערט די אַרבייטער צו סטרייקן, האָט מען פּאַראַליזירט און איינ־געהאַמעוועט די רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט פון די מאַסן גופא.

3) דער גאַנצער יוניאָן אַפּאַראַט איז אַזוי אַוועקגעשטעלט, אַז ער דערלאָזט ניט די אַקטיוויטעט פון די קלאַסענבאַוואוסטע אַרבייטער פון שאַפּ צו קומען אין לעבעדיגע און נאָענטע באַצי־אונגען מיט די איבעריגע אַרבייטער פון שאַפּ אין צייט פון צוויס־טיגקייטן אין פאַבריק. די יוניאָן האָט זיך דערום אויסגעטיילט אין צוויי טיילן: פון איין זייט אַ יוניאָן־ביוראָקראַטיע וואָס שאַל־טעט און פאַרוואַלטעט איבער אַלעס און אַלעמען, און פון דער צווייטער זייט די ברייטע אַרבייטער מאַסע, וואָס איז אינגאַנצן גלייכגילטיג צו זייערע אייגענע אינטערעסן.

מיר האָבן פריער אָנגעמערקט, אַז דער קאָלעקטיווער קאָנ־טראַקט צווישן די אַרבייטסגעבער און די יוניאָנס פאַרבאָט די אַרבייטער צו סטרייקן. אָבער דערפאַר — טענה'ן פילע יוניאָן־פירער — איז אין דעמזעלבן קאָנטראַקט דאָ אויך אַ בפירוש'ער פונקט, אַז די באָסעס טאָרן ניט מאַכן קיין לאָק־אויטס און אַרונטערשיקן, אַן אַן אורזאַך, אַן אַרבייטער, אויב ער, דער אַר־בייטער, אַרבייט אין פאַבריק העכער פון צוויי וואָכן. אויב דער אַרבייטסגעבער מאַכט יאָ אַ לאָק־אויט אויף זיינע אַרבייטער אָדער ער שיקט אַרונטער אַן אַרבייטער און די יוניאָן טוער דענקען, אַז דער אַרויסגעבער האָט, לויט דעם אַגרימענט מיט דער יוניאָן, ניט געקענט אָפּזאָגן זיינע אַרבייטער, גייט דאָן דער גאַנצער סכסוך אַריבער צו אַן אַרביטריישאָן באָרד (בוררים געריכט). וואָס באַשטייט פון אַ העלפט יוניאָן־פאַרשטייער און אַ העלפט פאַר־

שטייער פון די ארבייטסגעבער. אויב, ווידער, דער בוררים געריכט קען ניט קומען צו קיין אויסגלייך, אזוי ווערט די גאנצע „קעים“ (סכסוך) איבערגעגעבן צו א קאמיטע פון דער יוניאן און ארבייטסגעבער מיט אן „אומפארטייאישען“ טשערמאן. דער אורטייל פון דער דאזיגער קאמיטע מוז ווערן אנגענומען פון ביידע צדדים.

איצט לאמיר א קוק געבן ווי אזוי די דאזיגע מאשינערי ארבייט אין דער פראקטיק.

געוויינליך ווענדען אן די ארבייטסגעבער אלערליי טריקס און שמד־שטיק ארויסצו׳פטר׳ן פון פאבריק די אקטיווסטע יוניאן־מיטגלידער. ווען אן אקטיווער יוניאן־מיטגליד ווערט ארונטערגעשיקט פון פעקטארי, קען דער באלעבאס גלייך קריגען אן אנדערן ארבייטער אויף דעם אפגעזאגטענס פלאץ. דער אפגעזאגטער ארבייטער, אדער ווי מ׳רופט עס אויף דער יוניאן־שפראך: דער דיסטשארדזשטער, אפעלירט יעמאלט צו דעם בוררים געריכט, וועלכער דויערט אפטמאל פילע וואכען איידער זיי קומען זיך צונויף און דערנאך גייט דער סכסוך איבער צו דער קאמיטע מיט דעם „אומפארטייאישען“ טשערמאן, וועלכער דויערט א פאר וואכען און אזוי ווי אין די מערסטע פעלע ווערען אזעלכע צוויסטיגקייטען געשליכטעט מיט א פשרה (דער „אומפארטייאישער“ טשערמאן איז נאך אלעמען ניט אינגאנצען אומפארטייאיש, ווייל ער איז ניט קיין פארטרעטער פון די ארבייטער) פארלירט דערווייל דער ארבייטער א גרויסע סומע געלט שכירות (וויידזשעס), א חוץ די פילע צרות, וואס דער ארבייטער שטייט אויס ביי די קראס־עקזאמענס און נאכלויפעניש נאך די יוניאן־באאמטע.

די ארבייטסגעבער זיינען אויסען — דורך אזעלכע טריקס פון אפזאגען דעם אקטיווען יוניאן־מיטגליד — צו נעמען ראכע פון דעם „חוצפה׳ניק“ גלייך אויפ׳ן פלאץ, און גלייכצייטיג אנשרעקען די איבריגע ארבייטער, אז זיי זאלען זיין געהארכזאם, ניט זיין קיין „בעל העזה׳ניקעס“, אויב ניט ערווארטעט זיי דערזעלבער סוף ווי זייער ברודער.

מען מוז זאגען, אז די באלעבאטים דערגרייכען טאקע — דורך אזעלכע מיטלען — זייער ציל, צו מאכען פון די ארבייטער ני־

דערינגע שקלאַפען, ווייל ניט יעדער מענש קען זיין אַ מאַרטירער.

און נאָך אַ זאַך: דער איצטיגער אַגרימענט צווישען די אַר־בייטסגעבער און די יוניאָנס צווינגט אַמאָל די אַר־בייטער צו אַרבייטען פאַר אַ הונגער־לוין און פאַרוואַנדעלט די יוניאָן אין אַן אַגענטור פאַר סקעבס. די דאָזיגע ווערטער מעגען פאַר אַ זייטיגען מענש קלינגען זייער פאַראַדאָקסאַל. דאָס איז אָבער פאַקטען פון'ם טאָג־טעגליכען אַר־בייטער לעבען אין די פאַבריקען.

געוויינליך שרייבט אונטער די יוניאָן אַ קאָנטראַקט מיט די באַלעבאַטים פאַר אַ סיזאָן אויף אַ געוויסע צייט, וואו עס ווערט פעסטגעשטעלט די שטונדען און דער מינימום שכירות, וואָס יעדער אַרבייטער דאַרף קריגען. אינ'ם ברען פון סיזאָן, ווען דער אָנבאָט אויף אַרבייטס־קראַפט איז גרעסער ווי די נאָכפראַגע, אַזוי הויבען אָן די אַרבייטער צו פאָדערען אַ העכערען פרייז פאַר זייער אַרבייט (זיי ווערען אויך געטריבען דורך דעם אומאויפהערליכען יקרות). אַ טייל פאַבריקאַנטען, ניט וועלענדיג זיך איינרייסען מיט די אַרביי־טער אין צייט פון סיזאָן, העכערען יעמאָלט די אַרבייטער די שכירות, אָן אַנדער טייל מאַנופעקטשורערס ווידער וויל די אַרביי־טער זייער העכערונג ניט געבען. עס בלייבט יעמאָלט איבער פאַר די אַרבייטער אַנצואווענדען זייער איין־און־איינציגען קאַמפּסמי־טעל — דעם סטרייק. נו, קומט דער פאַבריקאַנט און ווייזט דעם אַגרימענט, וואו עס שטייט געשריבען און גע'חתמ'עט, אַז די אַר־בייטער טאָרען ניט נאָר ניט סטרייקען, נאָר אפילו אַ גרופּע אַר־בייטער פון אַ געוויסער אָפּטיילונג פון פאַבריק קענען ניט פאַר־לאָזען זייערע פּלעצער מיט אַמאָל. מיט אַנדערע ווערטער, די אַר־בייטער מוזען זיין צוגעשמידט צו זייערע פלעצער אין די פאַברי־קען אויף די באַדינגונגען, וועלכע דער פאַבריקאַנט ניט זיי.

ווען אָבער די אַרבייטער, געטריבען דורך הונגער, ברעכען דעם פּונקט פון אַגרימענט און גייען דאָך אַרונטער אין סטרייק, אַזוי איז הימעל עפען זיך! קודם כל, נעמט מען אַריין די סטריי־קער אין האָל וואו די יוניאָן־פאַרשטייער גיבען זיי אָוועק אַ פאַר־ציע מוסר פאַר זייער ניט פאָלגען דעם פּונקט פון אַגרימענט, דער־נאָך הויבט מען אויף אַ טאַראַראַם אַז די „רעוואָלוציאָנערען" (מיי־

נענדיג די סטרייקער) זיינען גאר אויסען צו רואינירען און צעברע־
כען די יוניאן. אויב די דאזיגע אלע מיטלען מאכען נאך אליין ניט
די ארבייטער בעסער און פרומער, יעמאלט שיקט די יוניאן אנ־
דערע ארבייטער אויף די סטרייקערס פלעצער. אין פשוט׳ע ווער־
טער רופט מען עס: „כשר׳ן א שרץ בק״ן טעמים“.

געוויינליך ווען עס קומט צו עפעס א שמחה אדער א יובי־
לעאום, אזוי טרעט ארויס די זאגענאנטע אידישע סאציאליסטישע
פרעסע מיט פיעלע שירים ותשבחות פאר דער פירערשאפט פון
דער היגער אידישע יוניאן־ביוראקראטיע. סטייטש, אונזערע יו־
ניאנס! — צולאזט זיך אפטמאל דער „פארווערטס“ — זיינען ראַ־
דיקאלע, ווערען געפירט אין א סאציאליסטישען גייסט. די יוניאנס
גיבען געלט פאר אלערליי פראגרעסיווע אונטערנעמונגען, שטיצען
די סאציאליסטישע קאנדידאטען, פירען אן א קולטורעלע באוועג־
גונג. מיט איין ווארט, ווי האט יענער רוסישער גענעראל געזאגט:
„נא שיפקע וסיא ספאקאינא“. ווער עס וועט זיך אבער גוט צו־
קוקען צו דער אינעווייניגסטער ארבייט פון די היגע אידישע יו־
ניאנס און באאבאכטען ווי אזוי די פירערשאפט — ניט קוקענדיג
וואס כמעט יעדער יוניאן־פירער האט שטענדיג ביי זיך א רויטען
פאספארט (סאציאליסטישע פארטיי־קארד בלע״ז) — פירט די יו־
ניאנס, וועט גלייך באמערקען, אז די גאנצע ארבייט אין די יוניאנס
ווערט געטאן אויף אן ענגהערציגען, זעלבסטזוכ־
טיגען און עם־הארצ׳ישען אופן.

כמעט אין יעדער יוניאן שאפט די יוניאן־ביוראקראטיע ארום
זיך א מאשין. די מאשין באשטייט פון עקזעקוטיוו־באַרד מיטגלי־
דער, דזשאינט באַרד מיטגלידער, סעקרעטערע און גלאט מענשען.
וואס פארמאגען געזונטע געמבעס און שרייען (ניט נאר שרייען
זיי, נאר גיבען אמאל א קלאפ אויך) ביי די מיטינגען. די דאזיגע
מאשין פארטיידיגט די יוניאן־באאמטע און די יוניאן־באאמטע זו־
כען אלע וועגען און מיטלען צו חנפ׳ענען און צו באזארגען מיט
גוטע שטעלען די מיטגלידער פון דער מאשין. פאר דער ברייטער
מיטגלידערשאפט אבער איז דער יוניאן־אפיס אן אמת׳ע געוועזענע
רוסישע קאנצעלאריע. דער פשוט׳ער מאסען־מענש געפינט ניט
אין דער יוניאן די ברידערליכע, חבר׳שע, הארציגע אינטימליכ־

קייט, וואס זאל אים צו דער יוניאָן אזוי שטארק צובינדען, ווי דער אייראָפּעאישער ארבייטער איז צו זיין ארבייטער אָרגאַניזאַציע. ווען א פּשוט'ער ארבייטער פרעגט עפּעס, באַקומט ער אַזאַ מין קאַלטען און קאַזיאָנעם ענטפער, אז ער פאַרזאָגט א צענטען נאָך אַמאָל צו קומען עפּעס פרעגען. די מיינונגען פון דער ברייטער מיטגלידערשאַפט ווערען פּאַלקאָם איגנאָרירט. מען קוקט אויף זיי נאָר ווי אויף שטים־פּי, וואָס מען נוצט אויס אין צייט פון א יו־ניאָן־עלעקשאַן.

ווען אָבער עס ווערט א בורענינג צווישען דער מיטגלידער־שאַפט, די מאַסע הויבט אָן צו ברומען און ווערען צאָרנדיג און די אומצופרידענהייט מיט דער יוניאָן־פירערשאַפט דערגרייכט אַזאַ שטופע, אַז עס דראָט דער גאַנצער יוניאָן א קראַך, אזוי קומען די יוניאָן־פירער און שאַפען אַזעלכע לאָזונגען און פּראָבלעמען, וואָס זיינען אַפּזיכטליך געווענדעט אראָפּצופירען די ברייטע מאַסען פון דער קלאַסען־ליניע. מען זוכט צו פאַרדרייען דעם מוח מיט פּוסטע מעשיות.

קודם כל קומען די יוניאָן־טוער צו דער מאַסע מיט דער אַל־טער פאַרשימעלטער רעאַקציאָנערער טענה: היות אויפ'ן ארבייטס־מאַרקעט איז פאַראַן מער ארבייטער וויפיל מען באַדאַרף — און אזוי ווי אין דער היינטיגער געזעלשאַפט הערשט דער אייזערנער געזעץ פון אָנבאָט און נאָכפראַגע — דריקט די קאָנקורענץ פון די ארבייטער אַראָפּ דעם ארבייטס־לוין, דאַרום דאַרף מען אָנווענדען אַלע מעגליכקייטען ניט אריינצונעמען קיין נייע מיטגלידער. עס פּאַסט דאָך אָבער ניט, אַז די פיל פאַרשריענע ראַדיקאַלע יוניאָנס זאָלען מיט אַמאָל געבען אָן אוקאַז, אַז מען פאַרשליסט די טירען פון דער יוניאָן פאַר נייע מיטגלידער, ווענדעט מען אָן אַלערליי יעזואיטישע קונץ־שטיק און מען שטעלט אַזעלכע פאָדערונגען דעם פאַרגעשלאָגענעם מיטגליד, אַז ער קען באַין אופן ניט אריינקומען אין דער יוניאָן. אזוי צום ביישפּיל, מאַכט מען הויכע איינטריט־געלט אָדער די יוניאָן־קאָמיטע רעפּאָרטעט, אַז מען קען אים ניט אריינגעמען און דיינו. און נאָך א זאַך. אין יעדער אידישער יוניאָן לאָזט מען היינט ניט צו קיין לערנערס. מען קוקט אויף יעדען ניי־צוגעקומענעם ארבייטער ווי אויף א שונא, ווי אויף א

קאנקורענט, וואס כאפט אים, דעם יוניאן־מאן, ארויס דעם ביסען פון מויל. אין פשוט׳ע ווערטער מיינט עס, אז עס איז געווארען דער העכסטער אידעאל און שטרעבונג פון אונזערע היגע אידישע יוניאנס צו ווערען א מין טראסט.

עס ליגט דאריבער א היבש ביסעל דעמאגאגיע אינ׳ם ארטיקעל פון „פארווערטס“, געשריבען דעם 9טען מארטש, 1920, „אן ערנס־טע באשולדיגונג געגען מאנכע אידישע יוניאנס“, וואו ה׳ ה. לאנג וויל כלומרשט איינרעדען דעם עולם, אז די הויפט ווארט־פירער פון די אידישע יוניאנס זיינען געגען אזא טאקטיק. דאס איז כזב ושקר! מיר ווען נאך צוגעבען, אז די טאנגעבער אין די אידישע יוניאנס זיינען אפילו פאר באשרענקען די אימיגראציאן קיין אמעריקא. די פארגאנגענהייט האט אונז גענוג געלערנט, ווי אזוי די אידישע דעלעגאטען אויף די צוזאמענפארען פון דער „אמעריקאן פעדערײ־שאן אוו לייבאר“ פלעגען שטענדיג זיך ארויסדרייען, ווען עס פלעגט פארהאנדעלט ווערען די פראגע פון באשרענקען אימיגראַ־ציאן. נאר עפעס איינמאל, ווען די עפענטליכע מיינונג האט גע־נומען שטארק פראטעסטירען געגען די אידישע דעלעגאטען אויף די קאנווענשאנס פון דער „אמעריקאן פעדערײשאן אוו לייבאר“, האט איין דעלעגאט (הוכט זיך שלעזינגער) געהייסען „רעקארדען“, אז ער איז ניט איינשטימיג מיט דער רעזאלוציע פון דער אמ. פעד. אוו לייבאר און סאיז געווען א שמחה על כל ישראל.

# די געבלאָפטע דעמאָקראַטיע אין דער היגער אידישער אַרבייטער באַוועגונג.

אין די היגע ארבייטער אָרגאַניזאַציעס — איז פאַראַנען אַ מיינונג ביי פילע — ווערט אַלעס געטאָן און געפירט אויף אַ דע־מאָקראַטישען אופן, לויט דעם ווילען און באַגער פון די מיטגלי־דער. און ווען מען פרעגט די זאַגענאַנטע ראַדיקאַלע ארבייטער־פירער פאַרוואָס די היגע ארבייטערשאַפט איז אַזוי אָפּגעשטאַנען לגבי אַנדערע לענדער, דערלאַנגען זיי אייך אַט אַזאַ מין אַרגומענ־טאַציע:

„סטייטש, וואָס קען מען טאָן? ביי אונז ווערט דאָך אַלעס געפירט אויף אַן עכט דעמאָקראַטישען שטייגער און אַז די מיטגלי־דער ווילען אַזוי האַנדלען און ניט אַנדערש קענען מיר ניט גיין גע־גען דער מיטגלידערשאַפט“. אין אַנדערע ווערטער, אַז די איצטיגע דעמאָקראַטיע איז דער באַראָמעטער מיט וועלכען עס ווערט גע־מאָסטען דער ווילען און די האַנדלונגען פון אונזער ארבייטער־שאַפט.

אָבער לאָמיר ווירקליך זעען צי עס ווערט טאַקע געפירט אויף אַ דעמאָקראַטישען אופן, ניט נאָר אין דער היגער פּאָליטיק און אין אַנדערע באַלעבאַטישע אָרגאַניזאַציעס, נאָר אפילו אין די אר־בייטער אָרגאַניזאַציעס.

מיר וועלען זיך דאָ אָפּשטעלען און ארומרעדען בלויז די אר־בייטער אָרגאַניזאַציעס.

וואָס, אייגענטליך, הייסט דעמאָקראַטיע? — דעמאָקראַטיע מיינט פאָלקס־הערשאַפט. אין דעם טערמין פון אַן אָרגאַניזאַציע מיינט עס, אַז די מיטגלידער פון אַ געוויסער אָרגאַניזאַציע דאַר־פען זיך באַטייליגען, באַאיינפלוסען און קאָנטראָלירען די גאַנצע ארבייט און טאַקטיק פון דער אָרגאַניזאַציע. נאָך מער: די באַ־אַמטע און די פאָרשטייער פון דער אָרגאַניזאַציע דאַרפען טריי און

ארבייטספעאיג דינען די אינטערעסען פון דער מיטגלידערשאפט, וואס האט זיי ערוויילט און באשטימט.

ווי אזוי זשע ווערט אבער פארשטאנען און דורכגעפירט די דעמאקראטיע אין אונזערע ארבייטער ארגאניזאציעס בכלל און אין די אידישע ארבייטער ארגאניזאציעס בפרט? דער אמת איז, אז די אזוי גערופענע און פארגעטערטע דעמאקראטיע פון די הינע ארבייטער ארגאניזאציעס — און די אידישע בתוכם — איז אז אומפארשעמטע און געבלאפטע, פונקט ווי די פאלסיפיצירטע דעמאקראטיע פון׳ם קאפיטאליסטישען שטאט.

לאמיר דא ברייננען א פאר קאנקרעטע ביישפילען, וואס וועט קלאר מאכען דעם גאנצען ענין.

די הינע סאציאליסטישע פארטיי, וואס לויט אירע ערקלערונגען, פארמאגט זי צווישען פינף און צוואנציג ביז דרייסיג טויזענד מיטגלידער*) האבען זיך אירע מיטגלידער באטייליגט אין דעם רעפערענדום וועגען אנשליסען זיך אינ׳ם דריטען אינטערנאציאנאל, — וואס איז איצט די וויכטיגסטע פראגע ביי דער סאצ. פארטיי — פון דריי ביז פיר טויזענד מיטגלידער. ד. ה., אן ערך פון 14—12 פראצענט פון דער גאנצער מיטגלידערשאפט; די גרעסטע ארגאניזאציע פון די אידישע ארבייטער, דער ארבייטער רינג, וועלכע האט — לויט אפיציעלע ציפערן — העכער פון אכציג טויזענט מיטגלידער, באטייליגען זיך אין די רעפערענדומס פון דער קאנווענשאן, — פון וועלכער אפשטימונג איז פאקטיש אבהענגיג די גאנצע עקזיסטענץ פון דער ארגאניזאציע, — אן ערך פון זיבען ביז ניין טויזענט מיטגלידער. דאס מיינט ווידער ביי א צוועלף פראצענט פון דער מיטגלידערשאפט.

מיר וועלען איצט איבערגיין צו די הינע אידישע יוניאנס און זען אויף וויפיל דארט, וואו די ארבייטער דארפען זיין שטארק פאראינטערעסירט אין זייער יוניאן, ווייל דורך איר דארפען זיי פארבעסערען פיל וויניג זייער ביטערע דאליע — הערשט די אמת׳ע דעמאקראטיע, וויפיל מיטגלידער באטייליגען זיך און זיי־

*) דער ארטיקעל איז ערשינען אין 1920. איצט פארמאגט די ס. פ. אן ערך פון 4—5 טויזענט מיטגלידער.

נען פאַראינטערעסירט אינגאַנצען מיט דער אַרבייט און טעטיג־קייט פון דער יוניאָן.

עס איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט, אַז זייער אַ אומבאַדייטענדער פּראָצענט פון דער יוניאָנס מיטגלידערשאַפט קומען צו די מיטינגען, פירען דורך אַלע פאַרהאַנדלונגען, מאַכען באַשלוסען און באַשטימען דעם גאַנצען גורל פון דער יוניאָן. אַזוי, למשל, ביי די לאָקאַלס פון די קלאָוקמאַכער, אַמאַלגאַמייטעד און אַנדערע, וואָס באַשטייען פון צענדליגער טויזענטער מיטגלידער קומען אינגאַנצען צו די מיטינגען עטליכע הונדערט מיטגלידער און זיי פירען די גאַנצע אַרבייט פון דער יוניאָן. מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסען, אַז צווישען די פּאַר הונדערט מיטגלידער, וואָס באַטייליגען זיך שוין יאָ אין די פאַרהאַנדלונגען איז פאַראַנען אַ גרויסע צאָל וואָס איז ניט איינשטימיג מיט די באַשלוסען. — ווען מען נעמט דאָס אַלעס אין אַמבאַטראַכט, קען מען זיך שוין פאָרשטעלען ווי אַזוי אַ קליינע, אָבער גוט אָרגאַניזירטע גרופּע, קען דאָ אַלע מאָל פאַרכאַפּען די פירונג און די מאַכט פון דער יוניאָן און קירעווען איר לויט איר ווילען.

און ווען אַפילו עס קומט צו דער ערוויילונג פון די יוניאָן־באַאַמטע, ווי די עקזעקוטיוו באָאַרד און ביזנעס־אַגענטען, איז ניט קוקענדיג, וואָס מען מאַכט יעמאָלט אַ גאַנצען טאַראַראַם און מען קאַמפּיינעוועט אויף וואָס די וועלט שטייט, דאָך באַטייליגען זיך אין די וואַלען פון כמעט יעדער יוניאָן עטוואָס מער פון אַ צענטעל פון דער מיטגלידערשאַפט.

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי ?

עס זיינען פאַראַנען פילע סיבות. אָבער אויף איין הויפּט־אורזאַכע ווילען מיר אָנווייזען דאָ. — און דאָס איז, וואָס דער איצטיגער געבוי פון דער יוניאָן מיט דעם גאַנצען אַפּאַראַט און מעכאַניזם איז אַזוי שלעכט אויסגעקלערט, אַז עס מוז טויטען די איניציאַטיווע און טעטיגקייט פון דער ברייטער יוניאָנס־מיטגלידערשאַפט.

און ווירקליך, וואס פאר א געלעגענהייט קען דער דורכשניט־ליכער יוניאן־מיטגליד האבן צו וויסן וועגן דער פייאיגקייט, פאסיגקייט אדער ניט פאסיגקייט פון א קאנדידאט, וואס „לויפט" פאר א יוניאן־אמט, ווען עס קומען צו וואלען? ווי אזוי קען די ברייטע מיטגלידערשאפט נאכפאלגען די טעטיגקייט און די אר־בייט פון די באצאלטע און ניט־באצאלטע יוניאן־טוער? דער ענט־פער איז: די ברייטע מאסע האט טאקע ניט קיין שום געלעגענ־הייט און אינטערעסירען זיך לחלוטין גאר ניט מיט דער טעטיגקייט פון די יוניאן־פירער אין אלע איינצעלהייטען. ווארים א דורכ־שניטליכער יוניאן־מיטגליד קען וויסען און זיין באקאנט מיט די פייאיגקייטען פון א קליינעם קרייז נאענטע מענשען, העכסטענס מיט זיינע מיטארבייטער אין פאבריק. אבער דער עקזעקוטיוו־באארד און אלע אנדערע באאמטע ווערען דאך ערוויילט פון א לאַ־קאל, וואס באשטייט פון טויזענטער מיטגלידער. דא קען זיך שוין דער דורכשניטליכער ארבייטער ניט אריענטירען מיט דער גאנצער יוניאן־סיטואציע, קען ניט וויסען די פייאיגקייט און פאסיגקייט פון די קאנדידאטען. דאריבער איז די גאר גרויסע מיטגלידער־שאפט אינגאנצען פאסיוו און נעמט ניט קיין אנטייל אין די וואלען פון באאמטע. און די קליינע צאל (אן ערך 10 פראצענט) וואס בא־טייליגען זיך שוין יא אין די וואלען זיינען, אייגענטליך, אויך ניט גרינדליך באקאנט מיט די כאראקטערע און פייאיגקייט פון די קאנדידאטען, נאר אזוי ווי די „קאמפיינערם" לאזען זיך קאסטען פיל געלט און פילע פון זיי זאגען צו אזעלכע גאלדענע גליקען, ווען זיי וועלען ערוויילט ווערען, וואס אפילו אין דער קאמוניסטישער געזעלשאפט וועט מען עס ניט האבען, געלינגט עס דער יוניאן־ביוראקראטיע מיט זייערע אונטערשטיפער, צו קריגען אויף זייער זייט א קליינע צאל מענשען, וואס זאלען שטימען פאר זיי. וואס איז דער רעזולטאט? דער רעזולטאט איז: אז די ברייטע יוניאן־מיטגלידערשאפט באטראכט די וואלען פון דער יוניאן ווי א פארם און ניט אינגאנצען א מאך מיט דער האנט אויף זיי. דער סך־הכל איז, דאס דער דורכשניטליכער ארבייטער ווייסט קיינמאל ניט די ווירקליכע לאגע פון זיין יוניאן, הויבט ניט אן צו וויסען וועגן די פייאיגקייטען און כאראקטערע פון די יוניאן־באאמטע און דאס

ביוראָקראַטישע געזינדעל פון דער יוניאָן הערשט דערנאָך — נאָך דער ערוויילונג — ביד חזקה.

מיר ווילען איצט אָנווייזען אויף נאָך אַ פאַקט, וואָס באַווייזט אַם בולט'סטען ווי אַזוי די געבלאָפטע דעמאָקראַטיע הערשט אין אונזערע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס.

וואָס איז אייגענטליך, דער זין און וואָס באַצוועקט מען מיט דער דעמאָקראַטיע אין די אַלגעמיינע קערפּערשאַפטען בכלל און איז די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס בפרט? דורך די דעמאָקראַטישע פי־רונגען, דענקט מען, וועט די מאַסע קענען הערשען איבער זיך אַליין, און די אָנפירענדע איינריכטונגען און באַאַמטע וועלען דינען טריי און איבערגעבען זייערע ווילער, און אין די אַרבייטער־אָר־גאַניזאַציעס וועלען די ערוויילטע פאַרטרעטער פון אַרבייטער אַר־בייטען מיט איבערגעבענהייט פאַר די אינטערעסען פון די אַר־בייטער. עס פאַרשטייט זיך, אַז עס מוז זיין אַ קאָנטראָל און אויפ־פאַסונג איבער די באַאַמטע צי זיי פאַרטרעטען ווירקליך די אינ־טערעסען פון די אַרבייטער און ערפילען טריי די שליחות און התחייבות'ן וואָס איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרען. ווי אַזוי אָבער ווערען קאָנטראָלירט די באַאַמטע אין אונזערע אידישע יו־ניאָנס? געוויינליך ווערט די פּראָצעדורע דורכגעפירט אויף אַזאַ אופן: די ביזנעס־אַגענטען און אַנדערע באַצאָלטע באַאַמטע גיבען אָפּ זייערע רעפּאָרטען פאַר דער עקזעקוטיוו־באָאַרד אָדער פאַר דער דזשאָינט באָאַרד. זיי דערציילען, אַז זיי האָבען דורכגעפירט דאָס און יענעס, זיי האָבען געשליכטעט די סכסוכים לטובת די אַר־בייטער. הכלל, די אַרבייטער זיינען צופרידען און גליקליך. פונ־וואַנען ווייסען אָבער די עקזעקוטיוו באָאַרד אָדער די דזשאָינט באָאַרד, אַז די באַאַמטע האָבען ווירקליך געטאָן דאָס, וואָס זיי דערציילען? ווי אַזוי האָבען די אַרבייטער פון דער יוניאָן — ביי דעם איצטיגען געבוי פון דער יוניאָן — אַז אמת'ן באַגריף, קאָנט־ראָל און אויפזיכט איבער זייערע איינריכטונגען און באַאַמטע? מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז דער דורכשניטליכער יוניאָן־מיטגליד וועט ניט קומען „אַפּקלאַפּען די טירען" פון דער יוניאָן, זאָגאַר דע־מאָלט ווען ער איז געקריוודעט געוואָרען. מיט איין וואָרט, וואָו

איז טאקע די אמת'ע דעמאקראטיע. וואס זאל געבען די ארבייטער א רעכט און מעגליכקייט אכטונג צו געבען אויף די באאמטע?

מיר ווייסען מען וועט אונז זאגען? סטייטש, די ארבייטער דארפען האבען צוטרוי צו זייערע פארשטייער און גלויבען, אז דאס וואס זיי זאגען איז אמת. האבען אבער די היגע אידישע ארבייטער געהאט אזעלכע ביטערע ערפארונגען מיט זייערע פי־רער, וואס האט זיי אויסגעלערענט צו פארשטיין ניט צו טרויען זייערע פירער. ווארים אויב די פירער פון דער סאציאליסטישער פארטיי האבען אומצעליגע מאל באוויזען, אז זיי האבען פאר־ראטען, אין פשוט'ען זין פוןווארט, זייערע מיטגלידער און צו נארנישט געמאכט די רעזאלוציעס, וואס זיינען אנגענומען געווא־רען אויף קאנווענשאנס און אינטערנאציאנאלע צוזאמענפארען, היינט ווי זשע קען מען גלויבען די פשוט'ע יוניאן־באאמטע?

דערביי דארף מען נאך געדענקען, אז אויב די ברייטע יוניאן־מיטגלידערשאפט זאל באמת קאנטראלירען און האבען אן אויג אויף די באאמטע, אזוי מוז זי, די מיטגלידערשאפט, ערשטענס, זיין אליין פאראינטערעסירט און זיך באטייליגען זאגאר אין די דע־טאלען פון דער יוניאנס־טעטיגקייט, און, צווייטענס, דארף די יו־ניאן אננעמען אזעלכע מיטלען און מעטאדען, אז די יוניאן מיט אירע פארזאמלונגען זאלען זיין א צוציהונגס־פלאץ פאר דער בריי־טער מיטגלידערשאפט, אום כדי צו געבען דער מיטגלידערשאפט די מעגליכקייט און געלעגענהייט באקאנט צו ווערען מיט אלע יוניאן־פאסירונגען און סיטואציעס. אז די דאזיגע צוויי זאכען זיי־נען אלע רייד וועגען קאנטראלירען די יוניאן־באאמטע בלויז א פוסטע פראזע. אויב דאס איז אזוי, יעמאלט פרעגט זיך, וויפיל מיטגלידער, לאמיר זאגען, פון א לאקאל וואס פארמאגט פינף טוי־זענט מיטגלידער אינטערעסירען זיך אינגאנצען מיט דער טעטיג־קייט פון דער יוניאן? זייער ווייניג. אויב מיר וועלען רעכענען צען פראצענט פון דער מיטגלידערשאפט, וועט דאס זיין א גרויסע צאל. אין אנדערע ווערטער, ד. ה. אז ניינציג פראצענט מיטגלי־דערשאפט פון א יוניאן, אדער פון אן אנדער ארגאניזאציע, האט ניט קיין ברעקעל אינטערעס און ניט די באקאנטשאפט מיט די פאקטען פון יוניאן־לעבען צו אורטיילען ריכטיג וועגען דער טעט־

טיגקייט אָדער אומטעטיגקייט פון די אָנפירענדע איינריכטונגען און באַאמטע. וואָס איז אָבער דער סוף? עס גרופּירט זיך אַ קליין הייפעלע קאָנסערוואַטיווע און אָפּגעשטאַנענע אַרבייטער, וואָס האָבען אַ פערזענליכען אינטערעס אין דער יוניאָן זיי, צוזאַמען מיט יוניאָן־נאַטשאַלסטוואָ, פירען פּאַקטיש דאָס גאַנצע רעדעל פון דער יוניאָן, זיינען צו קיינעם ניט פאַראַנטוואָרטליך און שמוגלען דורך אין דער אָרגאַניזאַציע וואָס זיי ווילען. — און דאָס רופט מ'ן דעמאָקראַטיע!

# די אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמען אין אונזער היגער אידישער אַרבייטער באַוועגונג.

איינע פון די הויפט־שוועריגקייטען פון אַן אינטעליגענטען ארבייטער צו זיין טעטיג אין די ארבייטער־אָרגאַניזאציעס, איז דער געבוי אָדער די פאָרמען פון אונזערע אָרגאַניזאציעס.

כמעט אין גאַנץ מערב אייראָפּא עקזיסטירען און זיינען איינגעפונדעוועט געוויסע נאכבארשאפטען, ווי מען זאָגט אין דייטש. דאָס הייסט, אַזעלכע קווארטאלען וואו באַשטימטע טיילען פון דער באַפעלקערונג לעבען. אַט אַזוי איז פאַראַן כמעט אין יעדער גרויסער שטאָט פון אייראָפּא אַן אַרבייטער־קווארטאל, אַ מיטעלקלאַס קווארטאל, אַן אינטעליגענטער קווארטאל, אַ רייכער קווארטאל, אַ באַסיאַצקער קווארטאל און ענליכע. יעדער קווארטאל לעבט אַן און פאַר זיך אַ באַזונדער אָפּגעשלאָסענעם לעבען, האָט דאָרט זיינע אַמוזירונגס־פּלעצער, קלובען, אָרגאַניזאַציעס, קראָמען און קאָאָפּעראַטיוון. פון איין קווארטאל צום אַנדערען איז ניט פאַרבאָטען איבערצוגיין, אָבער אומדירעקט הערשט אַ מין מחיצה, און יעדער שיכט פון דער באַפעלקערונג פאַרברענגט און לעבט בלויז אין זיינע פּלעצער און מישט זיך ניט אין אַנדערע ערטער. די דאָזיגע קווארטאַלען און דיסטריקטען האָבען אַ גרויסע מעלה. ווארים מען ווייסט אויף זיכער וואָס פאַר אַן עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאַרמען דער קווארטאל שטעלט מיט זיך פאָר, און די שכנים פון דער נאכבארשאפט בילדען, אַזוי צו זאָגען, אַ מין פאַמיליע, וואָס באַציען זיך איינער צום אַנדערען חבר׳ש, סאָלידאַריש און צוטרוייליך. ביי אונז אָבער, אין די גרויסע צענטרען פון אַמעריקא, ווי ניו יאָרק, שיקאַגאָ, פילאדעלפיא, באָסטאָן און אַנדערע, וואו עס האָט זיך אָפּגעזעצט דער רוב מנין ורוב בנין פון דער אידישער אימיגראַציע, איז ניט פאַראַן קיין באַשטימטע קווארטאלען, וואו מען זאָל אויף זיכער קענען אָנווייזען, אַז דאָרט געפינט זיך אַ באַשטימטער

טייל פון דער באפעלקערונג פאר יארען און יארען, און זיינען ווי צענויפגעוואקסען מיט דעם דיסטריקט. אין געגענטייל, ווער עס באאבאכטעט דאס לעבען פון די אידישע אימיגראנטען פאר די לעצטע צען יאר, וועט באמערקען ווי דער אידישער אימיגראנט אינ'ם היגען לאנד — אז אונטערשייד פון וואסער א באשעפטי־גונג ער ערנערט זיך — האלט אין איין עמיגרירען, מופען. זייער פארטרעפליך האט זיך וועגען דעם אויסגעדריקט דער ליבער זיידע ווינטשעווסקי, אז דער אידישער אימיגראנט פאלט אין אנפאנג אריין אינ'ם דאונטאונער (דער נידריגער טייל פון נויארק) אידישען קווארטאל, אין א קורצע צייט ארום ציט ער זיך איבער קיין הארלעם, שפעטער אביסעל קיין בראנקס, דערנאך אין יאנ־קערס אדער גאר קיין וואשינגטאן. עס פארשטייט זיך, אז ווען עס ציען זיך ארום די יחידים, די איינצעלנע פונ'ם קווארטאל, קענען זיי נים מיטשלעפען מיט זיך די ארגאניזאציע וואס איז פא־ראן אין קווארטאל. און אזוי ערנאך קומט אוים וואס סיי די אר־בייטער ארגאניזאציעס, סיי די באלעבאטישע ארגאניזאציעס פון א באשטימטען קווארטאל אדער דיסטריקט האבען ניט קיין שטענ־דיגען עלעמענט אין זייערע רייען, נאר באקומען אלע מאל פנים חדשות און דאס רופט זיך זייער שלעכט אפ אויף דער גאנצער אר־בייט פון די ארגאניזאציעס, ווייל די נייע מענשען הייבען איבער א נייעס אן איבערצודרעשען די אלטע פראגען. מיט אייןווארט, עס פעלט פעסטקייט, צוטרויען אין די ארגאניזאציעס.

די ארגאניזאציעס פון די ארבייטער זיינען צוטיילט און צו־ברעקעלט אויף פיצלאך. יעדע ארגאניזאציע גיט זיך כלומרשט אפ מיט א ספעציעלען געביט, ווי למשל, די פאליטישע פארטייען פונ'ם ארבייטער־קלאס מיט פארטיי־ארבייט, די יוניאנס — מיט יוניאן־ארבייט, קולטור־טעטיגקייט און אזוי ווייטער א. אז. וו. אין דער אמת'ן אבער אינטערעסירען זיך ניט די ברייטע מאסען פון די ארגאניזאציעס אויף קיין איין געביט. בארעכענט אליין, צו וויפיל ארגאניזאציעס דארף א היגער אידישער ארבייטער בא־לאנגען: ער מוז זיין א מיטגליד פון דער יוניאן, זיין א מיטגליד פון א געוויסער פאליטישער פארטיי, באלאנגען צו אן אינשורענס־ארגאניזאציע, צו א שול אדער א קולטור־פאריין און צו פילע

אנדערע פארייגנען, און אין יעדען פאריין מוז מען צאָלען דיוס, (מיטגלידס־געלט). באַזוכען אַמאָל אין אַ יובל אַ מיטינג, גיין צו אַ פאבריק־פארזאמלונג. נו, זאָגט אליין, ווען די ארבייטער זאָלען אפילו האבען תרפ״ט פרייע אווענטען קלעקט אים נאך דען צייט צו לעזען, שטודירען און זיך זעלבסט אנטוויקלען? מען דארף אויך ניט פארגעסען, אז נאך אַ שווערען טאָג ארבייט דארפען די אר־בייטער זיך שטיקען אין די טראמווייען און די אונטערערדישע אייזענבאנען איידער זיי קומען אהיים, און ווען ער עסט אָפּ אווענט־ברויט איז ער אַ מידער, אַ צובראכענער. היינט האָט אויך זיך יעדער מענש פאמיליע־פליכטען און קינדער־ערציאונג. נו, קען מען ערווארטען ביי אַזעלכע אומשטענדען, אז גרויסע מאסען זאָלען זיך באטייליגען אין געזעלשאפטליכע ארבייט? זאָלען ווערען טעטיג אין זייערע ארגאניזאציעס?

אין אלע לענדער, וואו די ארבייטער־ארגאניזאציעס בילדען אַ מאכט, איז מען שוין לאנג געקומען צום געדאנק, אז די ארביי־טער־באוועגונג טאָר ניט זיין צושפּליטערט, צוטיילט און צוברע־קעלט. און אויב אפילו אין די לענדער, וואו אַ געוויסער טייל פון דער ארבייטער־באוועגונג האָט זיך אנטוויקעלט פריער פון׳ם אנ־דערען, ווי למשל, די פאליטישע באוועגונג אין רוסלאנד האָט זיך אנטוויקעלט פריער ווי די עקאנאמישע באוועגונג, אדער די עקאָ־נאמישע באוועגונג אין ענגלאנד, וועלכע האָט זיך אנטוויקעלט פריער ווי די פאליטישע, איז מען אבער איבעראל געקומען צום באשלוס, אז אלע צווייגען פון דער ארבייטער־באוועגונג דארפען געמיינשאפטליך, סיי אויפ׳ן קולטורעלען געביט, סיי אויפ׳ן פאלי־טישען געביט קאאָרדינירען זייער טעטיגקייט, נאָר ביי אונז, אין דער אידישער אמעריקא, האלטען זיך די זאגענאנטע פירער פאר גרויסע חכמים, און יעדער מאכט שבת פאר זיך.

אויך די ארגאניזאציאנען גופא זיינען אוועקגעשטעלט אין אַזאַ צושטאנד, האבען זיך אנטוויקעלט אין אַזעלכע פארמען, אז עס איז פשוט אוממעגליך פאר אן אינטעליגענטען מענשען צו נעמען אין זיי אן אנטייל, צו פארבלייבען אין זיי אַ לענגערע צייט. כמעט אין אלע ארבייטער־ארגאניזאציעס פארנעמט מען זיך שטענדיג מיט אַזעלכע טעכנישע פראגען, ווי „קלאב״, „פארוואלטונג״, קווי־

פען שטולען און אנדערע קליינינקייטען. ביי די יוניאן־מיטינגען ווידער ווערען פארהאנדעלט אזעלכע טרוקענע פראגען, אזעלכע אינדיווידועלע פאבריק־פראגען, וואס קענען ניט אינטערעסירען דעם ברייטען עולם. דערצו דארף מען ניט פארגעסען, אז עס הערשט אין אלע ארבייטער־ארגאניזאציעס אזא קליינליכער עגאאיזם, אזא מין גבאות, רחמנא לצלן, און ביי יעדער קליינינקייט פליען „קוועסטשאנס", „פאינטס אוו ארדער", „אינפארמיישאנס" און עס פאלען טשערלייטע און עס קעניגען סעקרעטערע. הכלל, מען דארף ווירקליך באזיצען אן אייזערנעם געדולד מיט שטאלענע נערוועז אויסצוזיצען אן אווענט אויף א מיטינג.

מיר דיינקען דארום, אז די איצטיגע ארגאניזאציאנס־פארמען פון די היגע אידישע ארבייטער־ארגאניזאציעס און די געבלאפטע דעמאקראטיע, וואס עס הערשט דארטען, האט זיך ארויסגעוויזען פאר א גרויסען דורכפאל. מען מוז ראדיקאל ענדערען דעם גאנצען געבוי פון די היגע אידישע ארבייטער־ארגאניזאציעס, אום זיי זאלען קענען ווירקליך אויסדריקען דעם ווילען און פארלאנג פון די ברייטע מאסען. אנשטאט די ארגאניזאציעס זאלען געבויט זיין לויט די דיסטריקטען, קווארטאלען, זאלען זיי געבויט ווערען אויף אן אינדוסטריעלען אופן.

פאר אונז דארף קלאר ווערען, אז אום די ברייטע מיטגלידערשאפט זאל זיין שטארק פאראינטערעסירט אין זייערע ארגאניזאציעס, אזוי מוזען זיי האבען דעם נאענטסטען צוזאמענבונד און קענטשאפט פון זייערע ארגאניזאציעס, מוזען זיי האבען א מאטעריעלען און גייסטיגען אינטערעס דערביי און אליין ווערען אריינגעצויגען אין דער טעטיגקייט פון זייערע ארגאניזאציעס.

מיר קומען אלזא צו דער וויכטיגסטער פראגע: ווי אזוי דארפען די ארגאניזאציעס געבויט ווערען לויט דעם אינדוסטריעלען פלאן? וואס פאר אן ארגאניזאציאנס־אפאראט וועט, לויט אונזער מיינונג, זיין אם בעסטען צוגעפאסט צו די אינטערעסען פון די ארבייטער? אלס ענטפער אויף דעם ווע‍לען מיר דא פרובירען אנווארפען א פלאן פון אזא מין ארגאניזאציע.

קודם כל דארף מען אנפאנגען פון פאבריק גופא. אלע אר־

בייטער פון א פאבריק, וואס ווילען באלאנגען צו דער יוניאן, ער־וויילען א פאבריק־קאמיטעט, און א פארשטייער, וואס ארבייטען אונטער דעם קאנטראל פון דעם פאבריק־פארזאמלונג און זיינען צו אים פאראנטווארטליך.

אזוי ווי אבער אז אינדוסטרי באשטייט פון פילע פאבריקען און שעפער און די אינטערעסען פון די ארבייטער פאדערען, אז די ארבייטער זאלען זיין פאראייניגט פון דער גאנצער אינדוסטריע און געמיינשאפטליך באשיצען און פארוואלטען די אינטערעסען פון אלע ארבייטער פון דער גאנצער אינדוסטריע, דארף יעדער פאבריק ביי א מיטינג ערוויילען א געוויסע צאל דעלעגאטען צו אן אלגעמיינער קערפערשאפט, וואוהין עס גייען אריין די דעלעגא־טען פון אלע שאפ־יוניאנס פון דער אינדוסטריע. דער דאזינער מיטינג פון אלע פאבריק־דעלעגאטען, אדער די סארט־ארגאניזא־ציע, בילדעט די אינדוסטריעלע יוניאן.

איצט פרעגט זיך: וואס וועלען זיין די אויפגאבען פון דער ארגאניזאציע פון אלע פאבריק־דעלעגאטען? א) אנצופירען דעם קלאסען־קאמף פון די ארבייטער, וואס זיינען באשעפטיגט אין דער אינדוסטריע. דאס הייסט: באשטימען די פאליטיק און טאק־טיק פון דער יוניאן, ערוויילען נויטיגע קאמיטעטען און באאמטע און אכטונג געבען אויף זייער ארבייט, צוריקרופען א באאמטען וואס ערפילט ניט זיין פליכט; ב) אנפירען צווישען די מיט־גלידער פון דער יוניאן א טיכטיגע קולטורעלע ארבייט, אויסצו־ארבייטען באוואוסטזיניגע טוער פאר דער ארבייטער־באוועגונג; ג) דער דאזיגער מיטינג פון די פאבריק־דעלעגאטען וועט זיך דאר־פען פארנעמען מיט פאליטישער פראפאגאנדע און אגיטאציע צווי־שען די ארבייטער, פארשפרייטען דארט צווישען די מיטגלידער רעוואלוציאנערע ליטעראטור און אויסארבייטען פלענער פאר אל־געמיינע רעוואלוציאנערע ארויסטרעטונגען, ווי פאליטישע מאסען־סטרייקס, מאניפעסטאציעס און דאסגלייכען; ד) לערנען די אר־בייטער ווי אזוי צו פארוואלטען די פאבריקען. אין אנדערע ווער־טער, די גאנצע מאכט פון דער יוניאן דארף זיך געפינען אין די הענט פון די פאבריק־דעלעגאטען.

דער דאזיגער פלאן, וואס ער ווערט אנגענומען, ברענגט דער־צו, אז די ארבייטער פון די פאבריקען ווערען אריינגעצויגען אין דער טעטיגקייט פון דער יוניאן. אויף די פאבריק־מיטינגען קו־מען געוויינליך פון אכציג ביז ניינציג פראצענט פון די ארבייטער וואס זיינען באשעפטיגט אין דער פאבריק. די ארבייטער פון דער פאבריק זיינען גוט באקאנט מיט דעם כאראקטער, ארענטליכקייט, איבערגעבענהייט און פייאיגקייט פון זייערע אויסגעקליבענע דע־לעגאטען. און, פאלגליך, ווערען ערוויילט די אקטיווסטע און פאסיגסטע מענשען צו פארוואלטען און פירען די געשעפטען פון דער יו־ניאן. זיי, די פאבריק־דעלעגאטען, זיינען די פארטרויענס־ווערטע. ווארים ארבייטענדיג צוזאמען אין פאבריק, זיינען זיי גוט באקאנט מיט דעם ארבייטערס נויטען און ליידען. און ניט נאר זיינען זיי באקאנט מיט דעם, נאר זיי פילען עס אויף זיך, טרא־גענדיג אויף זיך דעם יאך פון שאפ, צוגלייך מיט אלע אנדערע טאג איין, טאג אויס. דעריבער קען מען זיין זיכער, אז די שאפ־דעלעגאטען וועלען שטענדיג ריכטיג פארטרעטען די אינטערעסען פון די ברייטע מאסען.

מען דארף אויך אין זינען האבען, אז אויב די ארבייטער ווע־לען ניט האבען אויפ'ן קאפ א צענדליג ארגאניזאציעס מיט ארגא־ניזאציעלער, וואס געפינען זיך אין פארשידענע קווארטאלען, מיט אלערליי אפצאלונגען, מיט אן א שיעור מיטינגען און אנדערע טוי־זענט און איין זאכען, נאר אין דער יוניאן (אין דער פארמע ווי מיר האבען אנגעוויזען). וועט ער געפינען א געוויסען מאטעריעלען און גייסטיגען אינטערעס, אזוי וועלען די ברייטע ארבייטער־מא־סען זיין טעטיג און נעמען טאקע אן אנטייל אין די פארהאנדלונגען פון זייערע ארגאניזאציעס.

און נאך א זאך. די פאבריק־דעלעגאטען זיינען ניט אזוי ווי דער גאנצער סטאף אנגעשטעלטע און א גרויסע צאל פרעמד באצאלטע מענשען, וואס ארבייטען בלויז פאר געלט און האבען א ספעציעלען אינטערעס, אז די ארבייטער זאלען ניט רעוואלטי־רען, ניט סטרייקען און בכלל זיין אונטערטעניג און נאכגעביג, ווייל זייערע (דאס באאמטענטומס) שכירות שטייען אין געפאר און

דערפאר האנדלען זיי אפטמאל געגען די אינטערעסען פון די אר־בייטער. די פאבריק־דעלעגאטען זיינען אבער די בעסטע און פאר־טרויענסווערטסטע פירער פון דער יוניאן, ווייל זיי באזיצען אי די קענטנים פון דער אינדוסטריע, אי די איבערגעבענהייט צו דער ארבייטער־זאך.

דער דאזיגער פלאן ארבייט אויסגעצייכענט און שטעלט מיט זיך פאר די אמת'ע פראלעטארישע דעמאקראטיע אינ'ם סאוועטען רוסלאנד.

אויך ביי אונז האבען די ארבייטער פון דער ליידים וויסט אינדוסטריע, וואס זיינען ארגאניזירט אין דער אינטערנעשאנאל ליידים גארמענט ווארקערס יוניאן לאקאל 25, געפרואווט איינ־פירען די ארגאניזאציאנס־פארמע פון שאפ־דעלעגאטען און, ווי אונז איז באקאנט, האט דער פלאן געארבייט אויסגעצייכענט. די יוניאן־טשינאווניקעס פון דער אינטערנעשאנאל גארמענט ווארי־קערס יוניאן האבען זיך טאקע דערשראקען. סטייטש, דאס מיינט דאך, אז זייער טראן שאקעלט זיך, די ברייטע מאסען וועלען דאך ארונטערשליידערען די איצטיגע פירער מיט זייער קאנצעליארש־טשינע. די עקזעקוטיוו־קאמיטע פון דער אינטערנעשאנאל — דאס הייסט, די זעלבע יוניאן־נאטשאלסטווא — האט דארום געגעבען אן אוקאז: „שאפ־דעלעגאטען ניע זשעלאיעם!" פארוואס? ווייל... די שאפ־דעלעגאטען־פארמע איז געגען די דעמאקראטישע פרינ־ציפען. א. שרים לאכען, ווען זיי הערען ווער עס רעדט פון דע־מאקראטיע!

דאס כאראקטעריסטישע איז, וואס די זעלבע „פירערס" פון דער אינטערנעשאנאל ליידים גארמענט ווארקערס יוניאן, וועלכע האבען גע'פסק'ענט, אז די ארגאניזאציאנס־פארמע פון שאפ־דע־לעגאטען איז ניט דעמאקראטיש, האלטען אין איין צורייסען זיך דעם ספאדיק שרייענדיג: „הורא פאר דער רוסישער סאוועטען רע־גירונג!", וועלכע איז געבויט אויף דעם זעלבען „אומדעמאקרא־טישען" פלאן, ווי עס האבען געוואלט איינפירען זייער לאקאל 25. אבער, ווי עס ווייזט אויס, האלטען די פירער פון דער אינטערניי־שאנאל ליידים גארמענט ווארקערס, אז א מכה איז גוט ביי יע־

נעם אונטער׳ן אָרעם, אָבער ניט ביי זיך... איבעריגענס, איז צו שרייען הוראַ פאַר דער רוסישע סאָוועטען רעגירונג געוואָרען אַ מי־טעל אַפּצובלאָפען דעם אומוויסענדען עולם, אַז מען איז כלומרשט ראַדיקאַל...

# דער שאפ־דעלעגאטען סיסטעם.

די אלע אויבענדערמאנטע אפמאכען פון די יוניאנס מיט די באלעבאטים און די מעטאדען פון דער יוניאן־ביוראקראטיע וועלען, לויט אלע סמנים, לאנג ניט אנהאלטען. די באוואוסטזיניגע ארבייטער גייען איבער די קעפ פון די פירער. די ארבייטער גופא אין די שעפער קומען ביסלאכווייז צום קלאסען־באוואוסטזיין, אז זיי קענען זיך אויף קיינעם ניט פארלאזען, ווי נאר אויף זיך אליין.

דעם ערשטען טריט צו זעלבסטטעטיגקייט מאכען די ארבייטער דערמיט, וואס זיי גרינדען אליין שאפ־קאמיטעס אין די שעפער. די שאפ־קאמיטעס ווערען מערסטענטייל געגרינדעט אויף אזא אופן: יעדער ברענטש (אפטיילונג) פון א געוויסער אינדוסטריע, וואס געפינט זיך אין פאבריק, קלייבט אויס א דעלעגאט. אלע דעלעגאטען צוזאמען בילדען די שאפ־קאמיטע. די שאפ־קאמיטע אלס א גאנצע פארהאנדעלט מיט דעם ארבייטסגעבער וועגען די פרייזען און אנדערע באדינגונגען פון שאפ. זי, די שאפ־קאמיטע, שליכטעט אויך די סכסוכים צווישען דעם ארבייטסגעבער און די ארבייטער. אויב די ארבייטער זיינען ניט צופרידען מיט דער אויסגלייכונג, קענען זיי זיך ווענדען צו דער יוניאן און די באלעבאטים צו זייער אסאסיאיישאן. אלע שאפ־דעלעגאטען און פאבריק־קאמיטעטען פון אן אינדוסטריע קלייבען אויס אן עקזעקוטיוו קאמיטע, וואס פירט אן די ארבייט פון דער גאנצער אינדוסטרי. די היגע שאפ־קאמיטעס זיינען ענליך צו די פאבריק־קאמיטעטען פון רוסלאנד.

פילע פרעגען: וואס איז איינענטליך דער אונטערשיד, צי דער יוניאן־פארשטייער פארטרעט די אינטערעסען פון די ארבייטער, אדער די שאפ־דעלעגאטען זיינען די פארשטייער פון די ארבייטער? דער אונטערשיד איז כרחוק מזרח ממערב.

פריער פון אלעם דארף מען אין זינען האבען, אז דער שאפ־

דעלעגאַט קען בעסער פאַרטרעטען זיין ברענטש פון שאַפּ, פּשוט דערפאַר, ווייל ער איז געניי באַקאַנט מיט די האַנדלונגען און פראַגען פון זיין אָפּטיילונג אין שאַפּ. ווען אַ שטרייט ברעכט אויס צווישען אַן אַרבייטער פון זיין אָפּטיילונג און דעם פאַבריקאַנט, קען ער בעסער פאַרטיידיגען דעם אַרבייטערס צד, וואָרום ער ווייס דעם סכסוך און אַלע אומשטענדען וואָס זיינען פאַרבונדען מיט אים.

די שאַפּ־קאַמיטעס, זייענדיג אַליין אַ טייל פון די אַרבייטער אין שאַפּ און קומענדיג אין שטענדיגע פאַרבינדונג מיט די אַר־בייטער, נעמען זיי אין יעדער פראַגע אַ מוטיגערע און ענערגישערע שטעלונג, ווי דער יוניאַן־פאַרשטייער, ווייל דער לעצטער האָט מורא, אַז אַ מוטיגע שטעלונג וועט אויך אים אַליין פאַרשאַפען אַ היבש ביסעל צרות און קאָפּדרייעניש.

אָבער דער שטאַרקסטער מאָטיוו פאַר שאַפּ־קאַמיטעס דאַרף זיין ביי די עלעמענטען אין דער טרייד יוניאַן באַוועגונג, וואָס קעמפען און גלויבען, אַז די אַרבייטער וועלען איבערנעמען און אַליין פאַרוואַלטען די פאַבריקען. שאַפּ־דעלעגאַטען ווערען ספּע־ציאַליזירט אין זייערע ברענטשעס און מאַכען דעם ערשטען שריט צו קאָנטראָלירען די פעקטאָרים.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז פילע יוניאַן־פאַרשטייער טרע־טען אַרויס געגען שאַפּ־קאַמיטעס, אָנגעבענדיג אַלס אַן אַרגומענט, אַז די שאַפּ־קאַמיטעס קענען נאָך, חס־וחלילה, געווינען פאַר די אַרבייטער אַזעלכע באַדינגונגען, וועלכע די יוניאַן קען פאַר זיי ניט קריגען און דעמאָלט וועלען די שאַפּ־קאַמיטעס פאַרבייטען און טאַקע אָפּשאַפען די יוניאַנס. דערויף וועלען מיר ענטפערען: אויב אַ יוניאַן וועט דורך איר אַגרימענט אָדער אַנדערע מיטלען זוכען צו באַשיצען די אינטערעסען פון די פאַבריקאַנטען און שטעלען זיך געגען די גערעכטע פאָדערונגען פון די אַרבייטער, וועט, דוכט זיך, קיין איין באַוואוסטזיניגער אַרבייטער ניט פאַרלירען אַ טרער, ווען אַזעלכע יוניאַנס וועלען אָפּגעווישט ווערען און אויף זייער פּלאַץ וועלען זיך אויסבילדען די שאַפּ־קאַמיטעטען. אויב אַ יוניאַן איז אַ רעוואָלוציאָנערע און נעמט אויף די לאָזונגען פון די אַרבייטער, צוהערענדיג זיך צום לעבען און שטרעבען פון די אַרבייטער אין די

פאַבריקען, אַזאַ יוניאָן וועט וואָרים באַגריסען די געבורט פון שאַפּ־קאָמיטעס. וואָרים די שאַפּ־קאָמיטעס וועלען בילדען דעם לעבעדיגען בריק צווישען דער מיטגלי־דערשאַפט און דער יוניאָן.

מיר ווילען אָבער דאָ גלייכצייטיג וואָרענען די אַרבייטער, אַז פילע נעוויסענלאָזע יוניאָן־פּאָליטישאַנס פון עטליכע יוניאָנס האָ־בען דערשמעקט, אַז שאַפּ־קאָמיטעס איז זייער פּאָפּולער צווישען די ברייטע אַרבייטער־שיכטען, זיינען זיי געוואָרען אַליין שטאַרקע אָנ־היינגער פון אַזעלכע קאָמיטעס און ווי די עכטע אַמעריקאַנער שמו־ציגע פּאָליטישענס, וואָס כאַפּען אויף אין צייט פון אַ קאַמפּיין גע־וויסע ראַדיקאַלע לאָזונגען, כדי צו פאַרבלענדען די אויגען פון׳ם ברייטען עולם, אַזוי זיינען זיי אויך אויסען צו טויטען די אידייע וואָס ליגט פאַרבאָרגען אין די שאַפּ־קאָמיטעטען. עס איז דאָריבער די פליכט פון די אַרבייטער צו האָבען „אַן אָפּען אויג" אויף די יוניאָן־ביוראָקראַטען וואָס ווערען איבער נאַכט אידעאַליסטען. אויף אַזעלכע מענשען זאָגט ריכטיג אַ שפּריך־וואָרט: „באַהיט מיך, גאָט, פון מיינע פריינד, פון מיינע שונאים וועל איך מיך אַליין אויס־היטען".

אָדער ווען מיר נעמען די פראַגע פון אינדוסטריעלען יוניאָ־ניזם און קרעפט (פאַך) יוניאָניזם. אויף אַלע קאָנווענשאַנס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ווערט הויך קלינגענדיג פּראָקלאָ־מירט דער פּרינציפּ פון אינדוסטריעלען יוניאָניזם. און אין אַלע אי־דישע יוניאָנס, — וואו אַלע פירערס און מאַכערס זיינען מיטגלי־דער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — איז שטאַרק איינגע־פונדעוועט דער קרעפט יוניאָניזם. אַלעמען איז באַקאַנט וואָס פאַר אַ ויצעקו עס ווערט אין אַ יוניאָן, טאָמער דערוואַגט זיך, חס־וחלילה, אַ מיטגליד פון איין לאָקאַל יוניאָן איבערצוטרעטען דעם גרעניץ פון אַן אַנדער לאָקאַל. עס איז דאָך הימעל עפּען זיך! דער אמת׳ער אמת איז, אַז די אַלע אויבענדערמאַנטע טאַקטיקס און מע־טאָדען, ווי ניט אַריינגעמען קיין נייע מיטגלידער, ניט צולאָזען קיין פרישע אַרבייטער, קעמפען געגען אינדוסטריעלען יוניאָניזם א. ז. וו., ווערט אַנגעפירט און אַנגעווענדעט פון דער יוניאָן־ביו־ראָקראַטיע, אַלס אַ מיטעל נאָך מער צו פאַרטומלען די מוחות און

צו באַקרעפטיגען די אומווויסענהייט פון דער ברייטער אומאָנטווי־קעלטער מאַסע. און טאַקע, צו וואָס זאָל מען קנעלען מיט'ן עולם וועגען דער „מערווערטס טעאָריע", „קלאַסענקאַמף", „סאָציאַליזם", און אַז די מאַסע וועט קומען צום קלאַסענבאוואוסטזיין וועט זי דאַר אַרונטערוואַרפען פון זיך די גאַנצע כאַפּטע יוניאָן־ביוראָקראַ־טיע, וועלכע האָט זיך ווי זשאַווער איינגעגעסען אין'ם אַרבייטערס ביינער. א מער רעדט מען איין דעם אַרבייטער עולם, אַז דער הויפּט־קוואַל פון זיינע צרות און יסורים נעמט זיך דערפון, וואָס עס וועלען צוקומען נייע אַרבייטער. און אויב מען וועט מאַכען אַ מין מאָנאָפּאָל וועלען זיי ווערען דערלייזט.

די אַרבייטער דאַרפען אַרויסטרעטען געגען אַלע מינים באַ־גרענצונגען צוליב פּראַקטישע טעמים. וואָרים עס איז פּאַראַנען געוויסע עקאָנאָמישע אינטערעסען וואָס טרייבען די מאַסען צו נע־מען זיך פאַר אַן אַרבייט און קיין קינסטליכע מיטלען וועלען דאָס ניט אָפּהאַלטען. און אויב די יוניאָן וועט אָוועקשטעלען אַ כינע־זישע וואַנט וואָס וועט איר אָפּגרעניצען פון דער אומאָרגאַניזיר־טער מאַסע, וועט זי, די אומאָרגאַניזירטע מאַסע, אויסגענוצט ווע־רען פון די אַרבייטסגעבער געגען די יוניאָן מיטגלידער אין אַ צייט פון אַ סטרייק, ווי אויך אין אַנדערע פּאַלען.

# װעגען אַ פאַרבאַנד פון די יוניאָנס.

אויך די נאַטשאַלניקעס פון די גרויסע אידישע יוניאָנס האַל־טען די לעצטע צייט אין איין אַגיטירען פאַר א פאַרבאַנד פון דער נאָדעל־אינדוסטריע, װעלכע זאָל ארייננעמען די אַמאַלגאַמייטעד, די אינטערנײשאָנאַל לײדיס גאַרמענט װאָרקערס יוניאָן, קעפּ מאַ־כער יוניאָן, פאָריערס יוניאָן, א. ד. גל. אַבער די אַנהײנגער פון אַ נאָדעל פאַרבאַנד מצד די פירער פון די גרויסע יוניאָנס און די פרעדיגער פון אַ נאָדעל־פאַרבאַנד מצד די רעװאָלוציאָנערע עלע־מענטען איז אַ גאַנץ פאַרשידענער, און גײען זיך גרונטאָװנע פאַנ־אַנדער אינ'ם געבוי און די אויפגאַבען פון אַזאַ פאַרבאַנד. — אַט דער דאָזיגער פונקט, באַװײזט אַם בעסטען, װי אַזוי צװײ מענשען קענען זאָגען איין זאַך און דאָך זאָל יעדער ארײנלײגען אַן אַנדער אינהאַלט, אַן אַנדער פאַרטײטשונג אינ'ם גאַנצען ענין.

װי אַזוי, אײגענטליך, דאַרף זײן געבױט און װאָסערע אויפ־גאַבען דאַרף זיך שטעלען, לאָמיר זאָגען, אַ פאַרבאַנד פון דער נאָ־דעל אינדוסטריע? מיר דײנקען, אַז דער נאָדעל־פאַרבאַנד זאָל צוזאַמענגעשטעלט װערען אויף אַזאַ מין אופן: יעדער פאַבריק־פאַרזאַמלונג פון א געװיסען אינדוסטריעלען צװײג קלײבט אויס אַ באַשטימטע צאָל דעלעגאַטען מיט אַ שאַפּ־טשערמאַן. די פאַב־ריק־דעלעגאַטען מיט די שאַפּ־טשערלײט, װעלכע זײנען דער אַק־טיװסטער טײל פון דער יוניאָן זאָלען פון זיך אויסקלײבען אַן עק־זעקוטיװ באָארד, װי אויך דעלעגאַטען צו דעם אַלגעמײנעם פאַר־באַנד פון דער נאָדעל־אינדוסטריע און באַשלוסען װאָס װערען אָנ־גענומען סײ פון די פאַרזאַמלונגען פון די פאַבריק־דעלעגאַטען, סײ אויף די מיטינגען פונ'ם פאַרבאַנד פון דער נאָדעל־אינדוס־טריע דאַרפען איבערגעגעבען און אָנגענומען װערען פון די פאַב־ריק־פאַרזאַמלונגען. די באַשטימונגען און באַשלוסע פונ'ם פאַר־באַנד פון דער נאָדעל־אינדוסטריע ד א ר ף ז י י ן ב י נ ־

ד ע נ ד פ אַ ר י ע ד ע ן א י נ ד ו ס ט ר י ע ל אַ ז צ ו ו י י ג, וואָס איז אַנגעשלאָסען אינ'ם נאַדעל־פאַרבאַנד. יעדער מיטגליד פון איין לאָקאַל יוניאָן זאָל פאַקטיש זיין א מיט־גליד פון אַלע יוניאָנס פון דער נאַדעל־אינדוסטריע. עס דאַרף זיין איין קאָנסטיטוציע פאַר דעם גאַנצען נאַדעל־פאַרבאַנד. מיט איין וואָרט: דער פאַרבאַנד פון דער נאַדעל אינדוסטריע ד אַ ר ף פ אַ ר וו אַ נ ד ע ל ט וו ע ר ע ן א י י ן נ ר ו י ־ ס ע ר א י נ ד ו ס ט ר י ע ל ע ר י ו נ י אַ ן.

ווי אזוי ווילען בויען דעם פאַרבאַנד פון דער נאַדעל־אינדוס־טריע די איצטיגע נאַטשאַלניקעס פון די היגע אידישע יוניאָנס? אַט וואָס מיר לייענען אינ'ם באריכט פון דער אינטערניישאַנאַל ליידיס גאַרמענט וואַרקערס צו זייער לעצטער קאָנוועגשאָן:

„מיר רעקאָמענדירען דער קאָנוועגשאָן צו באַפאָלמעכטיגען די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד פאַרטצוזעצען די ארבייט פון בילדען א פאַרבאַנד פון אַלע מענער און פרויען יוניאָנס אין דער קליידער אינדוסטריע... (דערביי ווערען אויסגערעכענט אַלע יוני־אָנס, וואָס דאַרפען אַריינגענומען ווערען), און יעדער יוניאָן זאָל זאָל אָנהאַלטען איר זעלבסטשטענדיגקייט, ווי ביז איצט“.

וואָס זאָגט אונז די דאָזיגע רעקאָמענדאַציע? זי זאָגט אונז בפירוש, אַז יעדער יוניאָן וועט בלייבען — שוין נאָכדעם ווי דער פאַרבאַנד וועט עקזיסטירען, — א וועלטעל פאַר זיך, פירען אַן איינענע פּאָליטיק, האָבען אייגענע פרעזידענטען (אוי, די פרעזי־דענטען!) באַזונדערע קאָנסטיטוציעס, זעלבסטשטענדיגע קאָנווענ־שאָנס, א. אז. וו. נו, איז א ז אַ מ י ן פ אַ ר ב אַ נ ד ווירקליך אַזאַ רעפאָרמע, אַזאַ מין נייעס, ווי אזוי די זאָגענאַנטע אידישע סאָציאַליסטישע פּרעסע שטעלט עס פאַר? ניין, עס עק־זיסטירען איצט פאַרבאַנדען פון די בילדינג־טריידס, פון די דרוי־קער ארבייטער, א. אז. וו., און דאָך הערשט אין די באַזונדערע יוניאָנס דער זעלבער ביוראָקראַטישער גייסט, און די ראָלע פון די ארבייטער ביי די אויבענדערמאָנטע פאַכען איז מאָנכעס מאָל פיל ערגער, ווי פון די ארבייטער וואָס זיינען באַשעפטיגט אין אַנדערע פאַכען, וואו עס איז ניט פאַראַנען קיין פאַרבאַנד.

מילא, אַזאַ פאַרבאַנד ווי די איצטיגע יוניאָן־פירער לעגען

פאַר, וועט ניט האָבען קיין שום האָפּט און איז ניט קיין קאַמפּס־פּעאיגע קערפּערשאַפט. דאָס איז ניט קיין אמת'ער פאַרבאַנד, וואָס וועט ווירקליך ברענגען נוצען די ארבייטער וואָס זיינען באַ־שעפטיגט אין דער נאָדעל־אינדוסטריע, נאָר אַ מ י ן פ י ק־צ י ע, אַן אוואַנטורע פון איינינע אַמביציעזע פּערזאָנען צו שפּי־לען די הויפּט־פידעל אין דער נאָדעל אינדוסטריע, און זועט, וואָרשיינליך, האָבען דעם זעלבען סוף ווי ווילסאָן'ס ליעג פון נאַ־ציאָנען. אָבער אויף איין זאַך ווילען מיר ציען די אויפמערקזאַמ־קייט פון אונזערע אקטיווע יוניאָן־טוער. עס איז פאַראַנען אַ גע־ניגענדער גרונד חושד צו זיין, אַז די איצטיגע פירערס פון די יוניאָנס אין דער נאָדעל־אינדוסטריע, זיינען אויסען מיט אַזאַ מין פאַרבאַנד, צ ו מ אַ כ ע ן אַ „ש וו אַ ר צ ע ל י ס ט ע" י ע נ ע ן ד י ר ע וו אָ ל וצ י אָ נ ע ר ע ע ל ע מ ע נ־ט ע ן א י ן ד י י ו נ י אָ נ ס, אַנלערנען די ווידערשפּע־ניגע, וואָס וואַגען גאַנץ אָפט ארויסצוטרעטען געגען דער איצטיגער יוניאָן־ביוראָקראַטיע און באַקומען ביסלעכווייז אַלץ מער ווירקונג אויף דער ברייטער מיטגלידערשאַפט.

איצט, ווען אַ יוניאָן מיטגלידער ווערט פאַרפאַלגט מצד די יוניאָן־טשינאָווניקעס פאַר זיין רעוואָלוציאָנערע שטעלונג, קען ער אַוועקגיין אין אַן אַנדער צווייג פון דער נאָדעל־אינדוסטריע. אָבער ווען עס וועט אָפיציעל זיין אַ פאַרבאַנד פון דער גאַנצער נאָדעל־אינדוסטריע, וועלען אַלע טירען פון דער נאָדעל אינדוסטריע זיין פאַרמאַכט פאַר אים, און, אַזוי נאָך — דענקען פילע פון זיי, — וועט אָפּגענומען ווערען דער קאַמפּס־לוסט פון פילע רעוואָלוציאָ־נערע עלעמענטען.

# די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען אין דער היגער אידישער אַרבייטערשאַפט.

יונג, זייער יונג, איז אונזער היגע אידישע ארבייטער באוועגונג אלס א מאססענבאוועגונג. ערשט אין יולי, 1910, איז פאָרגעקומען דער גרויסער קלאוקמאכער סטרייק, וועלכער האט ארומגעכאפט צענדליגער טויזענדער אידישע ארבייטער און אוועקגעשטעלט די קלאוקמאכער יוניאָן אויף די פיס. ערשט פון יעמאלט אָן נאכ'ן האלב געוואונענעם קלאוק סטרייק האט זיך אָנגעפאנגען א גאנצע סדרה פון סטרייקס אין אלע פאכען פון דער גאנצער נאָדעל אינדוסטריע, וואו עס זיינען אם מערסטען באשעפטיגט די אידישע ארבייטער. צען יאָר איז דאך א קליין רינגעלע אין דער גרויסער קייט פון דער געשיכטע פון דער ארבייטער באוועגונג, אבער דאך האבען זיך שוין — אין די צען יאָר — אויסגעבויט גאנץ פעסטע און זיכערע נעסטען, אין דער הינער אידישער ארבייטער באוועגונג, א גאנצע כאפטע יוניאָן־ביוראָקראטען און נאַטשאלניקעס און כל המינים „פירער" און פארפירער, וואס לערנען און פירען די הינע אידישע ארבייטער אויף א שלעכטען דרך. עס וואלט אָבער אויך געווען אַן אומרעכט פון אונזער זייט ניט אָנצואווייזען אויף יענע רעוואלוציאָנערע עלעמענטען און כוחות, וואס ראנגלען זיך און קעמפען אפטמאל גאנץ ביטער — ווילענדיג אריינקריגען די העגעמאָניע איבער דער אידישער ארבייטערשאפט —געגען די רעאקציאָנערע ווארט־זאָגער און טאָן־געבער אויף אלע געביטען און אין אלע צווייגען פון דער היגער אידישער ארבייטער באוועגונג, און האבען — ביז איצט — קיין גרויסען ערפאלג ניט געהאט.

ווי די בלעזער אינ'ם רוישענדען ים, וואס שווימען און קאָכען און ווערען נאכהער צושוואומען מיט'ן שטראם, אזוי אנטשטייען אפט אין אונזער היגער אידישער ארבייטערשאפט רעוואָ־

לוציאָנערע גרופּען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס רופען ארויס אַ שטורם און ווערען אין אַ גאַנץ קורצער צייט פאַרשוואונדען. עס דערמאָנט אָן פּרץ'ס גלענצענדע ערציילונג: „דער גלגול פון הניגון". עס איז פּאַראַן, אַזוי צו זאָגען, אַ רעוואָלוציאָנערער „ניגון", וואָס ווערט אַלעמאָל מגולגל אין אַן אַנדער אָרגאַניזאַציע און אונטער אַן אַנדער פאָרם.

אַם שטאַרקסטען, אַם בולט'סטען גייט פאָר דער קאַמף צווישען די רעוואָלוציאָנערע און רעאַקציאָנערע כוחות אויפ'ן עקאָנאָמישען געביט אין די יוניאָנס. און דאָס איז גאַנץ נאַטירלאַך, ווייל אויפ'ן עקאָנאָמישען געביט פילען די ארבייטער טאָג־טעגליך אויף זייערע פּלייצעס וואָס עס מיינט ארבייטער פאַררעטער און פאַרפירער. דאָרטען אויפ'ן עקאָנאָמישען פעלד טרעפען זיי זיך אָן פּנים על פּנים מיט די זאָגענאַנטע ארבייטער פאָרטרעטער, וואָס רעדען אַזוי לאַקריץ־זיס צו די מאַסען אויף די מיטינגען און פאַרזאַמלונגען און אין די שעפּער און פאַבריקען, וואו מען דאַרף טאַקע פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון די ארבייטער, שמייכלען און חנפה'נען זיי די פאַבריקאַנטען און מאַכען אַלערליי קאָמפּראָמיסען אויפ'ן רעכענונג פון די ארבייטער. און דערפאַר קומט פאָר אַן אינערליכער קאַמף כמעט אין אַלע הינע אידישע יוניאָנס. צייטענווייז ווערט דער קאַמף אַן אָפענער און אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס ווערט דער קאַמף געפירט אין דער שטיל, מיט „זיידענע הענטשקעס", אָבער עס וועט ניט דויערען לאַנג און עס וועט איינגיכען פאַרקומען אַן אָפענער קאַמף אויף דער גאַנצער ליניע.

נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק האָט די אינטערנעישאַנאַל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן אַנגעווענדעט דעם פּרינציפּ פון „צוטייל און הערש" צו דעם לאָקאַל איינס פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און גלייך האָט זיך דער שטורם פון רעוואָלט און אונצופרידענהייט מיט דער ארבייט פון די יוניאָן טשינאָוניקעס איבערגעטראָגען צום לאָקאַל 25 פון די ליידיס ווייסט מייקערס יוניאָן. פונקען האָבען זיך איבערגעוואָרפען אין דער ווהייט גודס וואָירקערס יוניאָן, און ווי אַן עלעקטרישער שטראָם, וואָס טראָגט שנעל איבער זיין קראַפט, אַזוי טראָגט זיך דער קאַמפּ'ס שטורם געגען די יוניאָן פירער אין דער „אַמאַלגאַמייטעד קלאָדהינג וואָירקערס יוניאָן",

אין דער פאריערס יוניאָן און אין אַנדערע יוניאָנס. יעדער יוניאָן אדער לאָקאל האט זיינע ספּעציפישע פראַגען און ווייטאַגען, זיינע קריוודעס און אומצופרידענהייט געגען דער איינגעפונדעוועטער יוניאָן־מאַשין. אבער מען מוז זאָגען, אז כמעט אַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען אין די אידישע יוניאָנס האָבען בלויז געפירט אַ נעגאַטיווע ארבייט, דאָס הייסט, זיי האָבען אַנגעוויזען אויף דער שלעכטער זייט פון דער יוניאָן־פּאָליטיק און געטאָן אַ גאַנץ ניצליכע צושטערונגס־ארבייט. אבער קיין רעוואָלוציאָנערע גרופּע, אדער לאָקאל האט ניט געהאט אויסגעארבייט קיין באשטימטע פּראָגראַם, קיין פּלאַן פאַר קאָנסטרוקטיווער ארבייט, וואָס זאָל פאַרבייטען די איצטיגע פאַרדאַרבענע יוניאָן פּאָליטיק. זיי, די קריטיקער, האָבען ניט געגעבען די מיטגלידער פון די יוניאָנס קיין פּאָזיטיווע ארבייט. דערפאַר האט זיך ניט איינגעגעבען די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען אויסצואיבען אַ גרויסען איינפלוס אויף דער ברייטער מאַסע און צו שטעלען זיך אָן דער שפּיצע פון דער טרייד יוניאָן באַוועגונג. דערצו דאַרף מען ניט פאַרגעסען, אז די איצטיגע יוניאָן־פירער האָבען צו דינסט דעם גאַנצען „פאָרווערטס“־אַפּאַראַט (ניט נאָר די רעדאַקציע, נאָר אויך די גאַנצע קליקע, וואָס דרייען זיך ארום דעם „פאָרווערטס“ און מאַכען אַ לעבען פון אים). די מאַכערס און פירערס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (לעז: סאָציאַל־פאַררעטער), און אַ גאַנצע מחנה אייגענע מענשען, ווי פּראָפעסיאָנעלע שלעגער, פאַרקויפטע נשמות מיט אַן אייגענער פּרעסע, יוניאָן־פּאָליטישענס און גלאַט אומוויסענדע ברואים, וואָס כאַפּען אַראָב די היטעל פאַר יעדען טשינאָווניק. די רעוואָלוציאָנערע מאַסען, ווידער, האָבען פאַר דער גאַנצער צייט פון זייער טעטיגקייט ביז צו דער אַנטשטייאונג פון אַ לינקע פליגעל באַוועגונג, ניט ארויסגעגעבען פון זיך קיינע אינטעלעקטועלע כוחות, וואָס זאָל זיך קענען אַנטקעגען שטעלען געגען דעם גאַנצען יוניאָן־שטאַב, האָבען ניט געהאט ביז דער לעצטער צייט קיין פּרעסע. דער איינציגער, וואָס פּלעגט ביז איצט פאַרטיידיגען די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען פאַר זייער שטעלונג אין די יוניאָנס און האט אַ צוטריט אין דער בירגערליכער פּרעסע, איז געווען דר. יצחק אייזיק הורוויטש. איז ער, ערשטענס, אַ קאַבינעט מענש, אַ מענש

פון טעאָריע און ניט פון טאַט. דאָס האָט אָם בעסטען באַוויזען זיין שטעלונג אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, ווען ער האָט געהאַט דעם סכסוך מיט מאיר לאַנדאָן, און די מאַסע פון דער קלאָוקמאַכער האָבען אים געשענקט זייער צוטרוי דורך אַן אַבשטימונג און געבעטען, אַז ער זאָל זיך שטעלען אַן דער שפּיצע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און ער האָט מורא געהאַט צו נעמען אויף זיך די ריזיקע. צווייטענס, איז ער ניט קיין אויסגעהאַלטענער מענש מיט באַשטימטע מיינונגען, און דריטענס, איז אויך זיין ארבייט באַשטאַנען אין בלויז קריטיקירען, אַנווייזען די פעלערען און ניט געגעבען קיין קאָנקרעטען פּלאַן, וואָס זאָל פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער איצטיגער יוניאָן־ביוראָקראַטיע. ערשט מיט דער אַנטשטעהונג און אויסבילדונג פון אַ קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אַמעריקא, איז גלייכצייטיג אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ פּלאַן און אַ פּראָגראַם פאַר די היגע יוניאָנס, וואָס איז באַשטאַנען אין גרינדען שאַפּ־קאָמיטעס, אינדוסטריעלער יוניאָניזם, אַמאַלגאַמיישאַן און אַנדערע לאָזונגען. די אידישע קאָמוניסטישע פעדעראַציע — אין דער קורצער צייט פון איהר לעגאַלער עקזיסטענץ, — האָט זיך טאַקע גענומען דורכפירען דעם פּלאַן צווישען די אידישע יוניאָנס, אָבער גלייך איז געקומען די אַמעריקאַנער „אַבראַנקע“ מיט פּאַלמער'ן בראָש און האָט צובראָכען דעם לעגאַלען אַפּאַראַט, צענדלינגער אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט, און די אַרבייט אין די יוניאָנס איז אַרויס פון די ראַמען און פאָרמען, וועלכע מען האָט געוואָלט איינשטעלען.

עס איז דערביי כאַראַקטעריסטיש צו דערמאָנען, אַז דער גרעסטער טייל פון די אידישע אַי דאַבליו דאַבליוניקעס זיינען אין די אידישע יוניאָנס „שטילער פון וואַסער און נידריגער פון גראָז“. זיי לאָזען פון זיך גאָר ניט הערען.

און ניט נאָר אין דער אידישער יוניאָן באַוועגונג גייט אַן דער קאַמף צווישען די רעוואָלוציאָנערע כוחות און די רעאַקציאָנערע, אָפּגעשטאַנענע מאַשין־מענשען, נאָר, ווי מיר האָבען שוין אויבען אַנגעמערקט, אויך אין אַנדערע צווייגען פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. אַזוי איז מיט איניגע יאָר צוריק אַנגעגאַנגען אַ גרויסע מחלוקה אין אַרבייטער רינג, וואָס איז באַקאַנט אַלס דער

קאמף צווישען די „יונגע“ און „אלטע“. די „יונגע“ האבען גע־וואלט, אז דער ארבייטער רינג זאל זיך וואס ווייניגער אבגעבען מיט קרקע געשעפטען און וואס מער מיט קולטורעל־געזעלשאפט־ליכער ארבייט, און די „אלטע“ האבען פון אזעלכע זאכען, ווי קול־טור ניט געוואלט הערען*).

*) פאר דער לעצטער צייט גייט אן אין ארבייטער רינג א הייסער קאמף צווישען די רעכטע און לינקע איבער דער זעלבער פראגע.

רבי לא שנא חיא מנין ?
(פון תלמוד)

# ווער איז שולדיג ?

ווען אונז קומט אויס צו באגעגענען זיך מיט א טייל רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען אין דער היגער אידישער ארבייטער־באַוועגונג און מיר רעדען זיך פאנאנדער וועגען די ווייטאָגען און חולאת'ן פון אונזער אידישער ארבייטער־באוועגונג, אזוי טענה'ן א גרויסער טייל פון זיי, אז די אמת'ע שולדיגע אין אלע צרות איז א געוויסע צאָל פערזאָנען און „גדולים". וואס האלטען די ארבייטער־באַוועגונג אין ארענדע און ליגען זייער וועטא אויף אלעם וואָס זיי געפעלט ניט. אזא מין בליק — אין באשולדיגען בלויז איינצעלנע פערזאָנען — איז לחלוטין פאלש און שטימט ניט מיט דער מארקסיסטיש־דיאלעקטישער פארשונג, וועלכע ערקלערט, אז יעדע פאסירונג איז א רעזולטאַט פון א גאנצער רייע פאקטארען, אז יעדע ערשיינונג איז פארבונדען מיט א גאנצער קייט פון אורזאכען און אומשטענדען.

זאָל דאַ גלייך פארשטאַנען ווערען, אז מיר ווייסען גאנץ גוט די ראָליע וואָס פארשטייער און פערזאָנען שפּילען אין דער באַוועגונג און מיר שאנעווען ניט — און ווען ניט שאנעוועו — צו דיסקרעדיטירען און ארונטערצורייסען די מאַסקע פון די יעניגע פערזאָנען, וואָס פוצען זיך אין רויטע פעדערן און טוען אן מאַסקעם צו פארדעקען זייער שמוציגע ארבייט. אבער צו זאגען, אז ווען ניט די פערזאָנען, וואלט אונזער היגע אידישע ארבייטער באַוועגונג געווען אין א בעסערען צושטאנד, ווי איצט, איז אן אומזין, ווייל ניט פערזאָנען שאפען א באוועגונג, נאָר א באוועגונג שאפט פון זיך אירע פארשטייער און פארטרעטער, און ווילען מיר אויסגעפינען, ווער ס'טראָגט די שולד, אזוי מוזען מיר זיך גריבלען אין דעם גאנצען קנויל פון סיבות און אורזאכען פונ'ם היגען לאנד,

אַזוי מוזען מיר צום ערשטען קלאָר ווערען, ווי אַזוי די אידישע אַרבייטער באַוועגונג אינ'ם היגען לאַנד האָט זיך אַנטוויקעלט און פון וואָסערע עלעמענטען זי באַשטייט.

ווען מען טראַכט זיך טיפער אַריין אין דער אַנטוויקלונגס־פעריאָדע פון דער היגער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג, אַזוי באַ־מערקט מען גלייך, אַז די באַוועגונג האָט זיך דאָ אַנטוויקעלט אויף אַן אַנדער אופן און געפינט זיך אין אַן אַנדער צושטאַנד, ניט נאָר פון דער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַנדערע לענדער, נאָר אויך אַנ־דערש פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג ערגעץ אַנדערש־וואו. מיר שטויסען זיך אָן אויף פילע פאַקטאָרען, וואָס האָבען געשפּילט און שפּילען נאָך עד היום אַ גוואַלדיגע ראָליע אין דעם אַנטוויק־לונגס־גאַנג פון דער באַוועגונג און וואַרפט אַ גאַנץ אַנדער ליכט אין אונזערע באַטראַכטונגען.

קודם כל וואַרפט זיך אין די אויגען דער פאַקט, וואָס דער אידישער אַרבייטער קלאַס אין אַמעריקאַ האָט זיך ניט אַנטוויי־קעלט נ אָ ר מ אָ ל אַלס אַן איינהייטליכער קלאַס, מיט אַן איינהייטליכער פּסיכאָלאָגיע, ווי דער אַרבייטער־קלאַס אין מערב אייראָפּאַ. מיר קענען זיך קוים פאָרשטעלען אין וואָס פאַר אַ לאַגע די אידישע אַרבייטער האָבען זיך דאָ געפונען אין די ערשטע צוויי צענדליגע יאָר פון דער גרויסער מאַסען־אימיגראַ־ציע אין די 80גער יאָרען, ווען מאַסען אידען, פון פאַר־שידענע פּראָפעסיעס און ווינט־פּרנסות, פאַרהונגערטע און פאַרטריבענע פון פאַרשידענע לענדער, מיט פאַרשידענע פּסיכאָלאָגיעס, גערדאַנקען, טראַדיציעס און זיטען. זיינען מיט אַמאָל אַריינגעוואָרפען געוואָרען אינ'ם נייעם בבל, אין די פאַראייניגטע שטאַטען. עס האָט געהערשט אַ שרעקליכער כאַאָס אין אַלע הינזיכטען. סיי עקאָנאָמיש, סיי גייסטיג. מען דאַרף אויך אין אַכט נעמען, אַז צווישען דעם שרעקליכען גייסטיגען דלות און עקאָנאָמישער אָרימקייט, וואָס האָט יעמאָלט אַזוי געהערשט, איז אָבער אויך צו דער זעלבער צייט געווען אַ מעגליכקייט פאַר פילע געזונטע, ענערגישע און אַמביציעזע מענשען זיך אַרויפצואַרבייטען. מען דאַרף ניט לייקענען, אַז אַמעריקאַ דינט נאָך ביז איצט אַלס אַ לאַנד פון אומבאַגרענעצטע מעגליכקייטען, און אין יענער צייט

האבען זיך באוויזען די ערשטע בויער און טוער פון דער היגער אידישער ארבייטער־באוועגונג, די קאהאנס, פייגענבוימס, די יא־נאווסקים, קראנצעס, און אנדערע. זיי זיינען געקומען אהער שוין פארטיגע סאציאליסטען. מען מוז זאגען, אז יעמאלט, ווען די פי־רער פון דער היגער אידישער ארבייטער־באוועגונג זיינען נאך גע־ווען אויף גרויסע „צרות" און געליטען גלייך מיט דער מאסע, זיי־נען זיי געווען באזעלט און דורכגעדרונגען מיט דער הייליגער אויפגאבע צו ארגאניזירען די אייגגעוואנדערטע אונטערדריקטע אי־דישע ארבייטער־מאסען, אבער זיי זיינען געווען ווייניג באהא־ווענט אין טעארעטישע פראבלעמען פון דער מאדערנער ארבייטער באוועגונג (די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי איז דאך יעמאלט אליין געווען אין אירע ווינדעלאך). זיי האבען זיך דאן אריינגע־ווארפען מיט דעם גאנצען אידעאליזם וואס זיי האבען פארמאגט צו ארגאניזירען די אידישע ארבייטער־מאסען, און ווען זיי איז שוין געלונגען מיט גרויסע שוועריגקייטען צו ארגאניזירען א גע־וויסע טייל אידישע ארבייטער, איז דאך אבער אויף דעם אידי־שען ארבייטער אין אמעריקא מקוים געווארען דער פסוק: „דור הולך ודור בא". די ערשטע ארגאניזירטע מאסע האט זיך איין א געוויסער צייט ארויפגעארבייט אויף א העכערע סאציאלע שטופע און וואוילזיין, און די אימיגראציאנס־כוואליע האט טאג־טעגליך געשטראמט און געבראכט צו אונזערע ברעגעס נייע פרישע אי־מיגראנטען, וועלכע מען האט געדארפט ווידער אנהויבען לערנען פון אלף בית. ווי אין יעדער מאסען־באוועגונג, האט אויך דא גע־טראגען די אגיטאציע א פלאכען כאראקטער, האט זיך, נאטירליך, אזוי אויסגעארבייט — ביי די פירער — א געדאנק, אז מען דארף ניט גריבלען זיך, מען דארף ניט זוכען, פארשען, פארטיפען זיך אין סאציאלע פראבלעמען.

מען דארף אויך אין זינען האבען, אז די פירער און טוער פון דער היגער אידישער ארבייטער־באוועגונג, מיר ריידען נאטירליך, פון די ערנסטע און גוטמיינענדע סאציאליסטען, האבען טראנס־פארטירט זייער סאציאליזם פון דייטשלאנד, אזוי צו זאגען. מיר מיינען דערמיט צו זאגען, דאס זיי האבען געצויגען זייער סאציא־ליסטישע יניקה פון דער דייטשער סאציאליסטישער ליטעראטור.

מען טרעפט נאך זאגאר איצט אין דער אידישער סאציאליסטישער פרעסע די טערמינען פון דער דייטשער סאציאליסטישער ליטעראטור, ווי: „קאפיטאליזמוס", „סאציאליזמוס", א. ד. גל. און ביי די פאר דייטשע סאציאליסטישע ביכלאך זיינען די אלטע פירער פון דער אידישער ארבייטערשאפט אין אמעריקא געבליבען. מען וויל ניט אפטרעטען פון „אקוצי של יוד" פון דעם, וואס מען האט אמאל געלערנט מיט צענדליגער יארען צוריק. זיי — אונזערע זאגענאנטע ערנסטע פירער — זיינען געווארען דאגמאטיקער, וואס ווילען זיך ניט צוהערען צו דעם נייעם שטורם וואס האט אויפגעטרייסעלט די גאנצע מענשהייט, אקוראט ווי די ארבייטער־באוועגונג איז א טויטע, פארגליווערטע זאך, וואס גייט ניט צוזאמען מיט דער גאנצער מענשליכער אנטוויקלונג.

אין אלע לענדער זוכען און סטארען זיך מיט אלע מעגליכקייטען די ארבייטער־פירער צוצופאסען זיך צו דער צייט און דער אנטוויקלונג פון לאנד. נאר ביי אונז, אין דער אידישער ארבייטער־באוועגונג, האלט מען פארשטאפט די אויערן און מען וויל ניט הערען פון קיין נייעם געדאנק.

אי, וועט איר פרעגען: וואו־זשע זיינען די טויזענטער אידישע ארבייטער, וואס זאלען שטופען די פירער, אדער אליין איבערנעמען די פירערשאפט, צו קירעווען די גאנצע ארבייטער־באוועגונג אין אן אנדער ריכטונג? איז דער תירוץ. אז מיר האבען נאך ביז איצט ניט קיין אמת'ע, סאלידע, פעסטע אידישע ארבייטער מאסע, מיט א געזונטער פראלעטארישער וועלט־אנשויאונג, וואס זאל פארבינדען זיין שיקזאל מיט דעם שיקזאל פון דעם פראלעטאריאט פון דער גאנצער וועלט. ס'איז אמת, מיר האבען א סך אידישע ארבייטער, מיר פארמאגען א „באוועגאכץ", א כאאטישע „ראדיקאלאכץ". אבער עס פעלט יענער פראלעטאריש־געזונטער אינסטינקט, וואס ווערט אויסגעשמידט ביי די ארבייטער וואס ווייסען, אז זיי מוזען פארבלייבען ארבייטער אויף שטענדיג. עס

איז ביי אונז ניטא יענע קריסטאליזירטע ארבייטער־באוועגונג, וואס קען זיך ארויספלאנטערן אין צייט פון א קריזיס און איז אגרעסיוו אין דער געוויינליכער צייט. אויף אונזער היגער אידישער ארבייטער־באוועגונג פאסט זיך זייער גוט דאס רוסישע שפריך־ווארט: „גיב א קראץ א רוס, פאלט ארויס א טאטער". כמעט יעדער אידישער ארבייטער האט נאך א קליין־בירגערליכע פסי־כאלאגיע. ער זיצט ביים מאשין, אדער ער פרעסט מיט'ן אייזען און ביי אים אין קאפ פלאנטערן זיך אלערליי געדאנקען, ווי אזוי פטור צו ווערען פון פאבריק. ער, דער אידישער ארבייטער, וועט בדאי קויפען א פענענדיגע קענדי סטאר, ער וועט זיך פארשקלא־פען פון דער פרי ביז שפעט ביינאכט זייענדיג א קאנטראקטאר, אבער ער זוכט מיט אלע מעגליכקייטען זיך ארויסצורייסען פון פאבריק. און אזוי לאנג ווי דער גרעסטער טייל אידישע ארביי־טער איז אנגעזאפט מיט אזא מין קליין־בירגערליכע פסיכאלאגיע, קען מען פון זיי ניט ערווארטען, אז זיי זאלען אויסבילדען עכטע רעוואלוציאנערע ארגאניזאציעס, קענען זיי זיך ניט פאראינטע־רעסירען מיט זייער טאג־טעגליכען קלאסענקאמף. דערפאר האבען זיך געקענט אנטוויקלען פארשידענע „פיאווקעס", וואס זויגען און פארגיפטען די אידישע ארבייטער־באוועגונג.

פילע פרעגען: ווי קומט עס וואס די וואס שטייען אין דער שפיצע פון דער היגער אידישער ארבייטער־באוועגונג זאלען זיין אזעלכע פראסטאקעס און עמי הארצים? — דער תירוץ איז, אז דער אינטעליגענטער טייל פון דער אידישער ארבייטערשאפט האט זיך שנעל צוגעפאסט צו די היגע באדינגונגען און געווארען גרויסע געשעפטסלייט, אדוואקאטען, דאקטוירים, א. ד. גל. און זיינען אזוירנאך אינגאנצען אפגעריסען געווארען פונ'ם לעבען און שטרעבען פון דער אידישער מאסע. די אידישע ארבייטער־שאפט האט זיך אבער גענויטיגט אין טוער, האבען די פראסטא־קעס, וואס פארמאגען א סך חוצפה און ווייניג וויסען געפונען א געלעגענהייט זיך ארויפצודראפען אויפ'ן שפיץ פון דער היגער אי־דישער ארבייטערשאפט.

די „פירער" פון דער היגער אידישער ארבייטער־באוועגונג

ווייסן אויסגעצייכענט די שוואַכע זייט פון דער אידישער אַר־בייטער־באַוועגונג. האָבן זיי זיך אַרומגערינגעלט מיט אַ באַנדע אַרבייטער ביוראָקראַטען און אַריסטאָקראַטען און לעבן זיך גאַנץ ברייטלאַך אויפ'ן חשבון פון די אַרבייטער. עס איז היינט ניט קיין זעלטענהייט צו טרעפען, וואו די איצטיגע אידישע אַרבייטער־פירער, וואָס זיינען אין זייערע פּריוואַט־געשעפטען געוועזן לאַ־יצלח'ס, שלימזל'ניקעס, נעמען פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג צו הונדערט און פופציג דאָלאַר אַ וואָך. אַזוירנאַך האָט זיך אונזער אַרבייטער־באַוועגונג במילא אַנטוויקעלט צו אַזאַ מין לאַגע, וואו פון איין זייט האָט די אַרבייטער־ביוראָקראַטיע — אויב זי וועט נעמען אַ רעוואָלוציאָנערע ווענדונג — זייער פיל צו פאַרלירען און ווילען ניט איינשטעלען. און פון דער צווייטער זייט איז די ברייטע אידישע אַרבייטער מאַסע פּאַסיוו צו זייערע אינ־טערעסען, ווילען זיך ניט שטאַרק אָפּגעבען מיט זייערע אָרגאַני־זאַציעס, אַרבייטען פאַר'ן קאָלעקטיוו, ווייל ביי זיי עגבערט זיך שטענדיג אין מוח דער געדאַנק ווי אַזוי פּערזענליך זיך אַרויפצו־אַרבייטען — אַט די דאָזיגע לאַגע האָט געבראַכט צו דעם קאָש־מאַר, כאַאָס און תוהו ובוהו אין אונזער אידישער אַרבייטער־באַ־וועגונג.

טראַגיש איז דארום די לאַגע פון די רעוואָלוציאָנערע עלע־מענטען אין דער היגער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. וואָרים אויב אין מערב אייראָפּאַ פלעגען די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען גע־רודפ'ט ווערען פון די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען מיט זייערע יוצר משרתים, זיינען זיי, די רעוואָלוציאָנערען, ממש פאַרגעטערט געוואָרען פון דער אַרבייטער מאַסע, און זאַגאַר זייערע געגנער מיט די סאָציאַליסטען אָפּאָרטוניסטען פלעגען ציען די היטלען פאַר זיי און אַרויסווייזען דעם גרעסטען רעספּעקט. ביי אונז אָבער, אין דער אידישער אַמעריקאַ, וואו אַלץ איז אַזוי גראָב, ציניש, פּרעך און גלאַט פּוסטע קיבעצערייען, ווערען די רעוואָלוציאָנערע עלע־מענטען פאַרשפּאָטעט און געיאָגט פון דער געלער אידישער סאָ־ציאַליסטישער פּרעסע, פאַראַכטעט און געטריבען פון דער אַרביי־טער ביוראָקראַטיע, גע'רודפ'ט פונ'ם קאַפּיטאַליסטישען שטאַאַט און אויסגעלאַכט פון דער אומבאַוואוסטער מאַסע. אין אַנדערע

ווערטער, עס קומט זיי אוים צו פירען א מארטירער לעבען און ניט יערער קען און וויל זיין א מארטירער און ברענגען אזוי פיל שווע־רע אפפער.

# די באָלשעוויקעס און דער מאַרקסיזם.*)

לענין איין זיין קלאסיש ווערק: „שטאאט און רעוואָלוציע", גיט אין אנפאנג פון זיין ווערק א גלענצענדע כאראקטעריסטיק איבער די פארשידענע סאציאל־אפארטוניסטען, אין די פאלגענדע ווערטער:*)

„מיט קארל מארקס' לערע קומט איצטער פאר דאס זעלבע, וואס עס איז אין דער געשיכטע שוין ניט איינמאל פארגעקומען מיט די לערעס פון רעוואָלוציאָנערע דענקער און פירער פון די אונ־טערדריקטע קלאסען אין זייער קאמף פאר באפרייאונג. ביים לע־בען האט מען די דאזיגע גרויסע רעוואָלוציאָנערע דענקער און פי־רער געהאלטען אין איין פארפאלגען און רודפ'ן. מיט דער ווילדעסטער שנאה און צייון־קריצעניש און מיט דעם חוצפה'דיגסטען צוג פון שקרים און רכילות האבען די הערשענדע קלאסען באגע־גענט זייערע לערער. און נאכ'ן טויט האט מען זיך געכאפט פאר אז אנדער מיטעל — מאכען פון אט די לערעס א מין געטשקע, וואס קען קיינעם ניט שאדען; מען פלעגט זייערע נעמען אריינ־רעכענען אינ'ם צעטעל פון הייליגע און ניט זשאלעווען קיין שבחים, כדי דערמיט צו „טרויסטען" און אפנארען די אונטערדריקטע קלא־סען, און דעם אינהאלט, דעם תוך פון די רעוואָלוציאָנערע לערעס פלעגט מען מאכען וואסערדיג און צודרייען אזוי, אז די גאנצע רעוואָלוציאָנערע שארפקייט זאל ווערען טעמפ.

„אי די בורזשואזיע, אי די אפארטוניסטען אין דער ארביי־טער באוועגונג האבען זיך איצטער א נעם געטאן צו „באארביי־טען" דעם מארקסיזם אויף אזא שטייגער, אז עס זאל פון אים

---

*) ערשינען אין „קאמף", 7טען נאָוועמבער, 1920.

**) זע „גאָסודארסטוואָ און רעוואָלוציאַ", פון נ. לענין, זייט 2.

קיין שריד און פּליט ניט בלייבען. זיי פאַרדרייען און צוקאַליעט־שען די רעוואָלוציאָנערע זייט פון דער לערע, איר רעוואָלוציאָנערע נשמה. זיי רוקען אַרויס צום פאָדערגרונד און האַלטען איז איין לויבען דאָס, וואָס ס'פּאַסט זיך, אָדער דאָס, וואָס שיינט צו זיין פּאַסיג פאַר דער בורזשואַזיע. עס איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז וואו נאָר אַ סאָציאַל־שאָוויניסט, רעכענט ער זיך גאָר פאַר אַ „מאַרקסיסט". אַז אַ שפּאַס! עס איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די דייטשע בורזשואַזע געלערטע, וועלכע האָבען ערשט נעכטען געווען אַזעלכע גוואַלדיגע מומחים אין דער קונץ צו „טרייבערען" דעם מאַרקסיזם, רעדען איצטער גאָר מיט אַ באַזונדערען מין שטאָלץ וועגען „אונזער נאַציאָנאַל דייטשען מאַרקס'ען".

דערנאָך גיט לענין — אין'ם זעלביגען ווערק — אַ גרינד־ליכען אַנאַליז איבער די זאַגענאַנטע טעאָריעס פון די סאָציאַל־אָפּאָרטוניסטען און ברענגט בערג מיט ציטאַטען פון מאַרקס'ען און ענגעלס'ען, אַנווייזענדיג וואו זיי, די סאָציאַל־אָפּאָרטוניסטען, פאַרדרייען און פאַלשעווען בכיון די גרונד־געדאַנקען פונ'ם מאַרק־סיזם, כדי צו פאַרדונקלען און ניט דערלאָזען דעם רעוואָלוציאָנע־רען קלאַסען־קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

מיר וועלען זיך ד א אָפּשטעלען בלויז אויף דער פּראָלע־טאַרישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וואו די סאָציאַל־פּאַרטעער פון אַלע שאַטירונגען און ריכטונגען, האַלטען אין איין שרייען, אַז די באָלשעוויקעס, וואָס האָבען פאַרכאַפּט די מאַכט און האַלטען זי, האַנדלען ניט מאַרקסיסטיש, אַז זייער דורכפירונגס־פּראָגראַם איז ניט אין אַנקלאַנג מיט דער לערע פון די פאָטערס פונ'ם סאָצי־אַליזם.

די אַרגומענטאַציע פון די סאָציאַל־אָפּאָרטוניסטען ווערט כמעט איבעראַל געפירט אויף אַזאַ אופן.

מאַרקס האָט בפירוש ערקלערט, אַז די פאַרווירקליכונג פונ'ם סאָציאַליזם קען נאָר יעמאָלט געמאַלט זיין, ווען דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון לאַנד וועט זיין רייף פאַר אים. דאָס הייסט, ווען די גאַנצע אינדוסטריע איז קאָנצענטרירט אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב, די אַרבייטער זיינען באַשעפטיגט אין גרויסע קאָמפּאַקטע מאַסען אין די ריזיגע פאַבריקען. במילא ווערט יעמאָלט געשאַפען אַזאַ

לאַגע ווי פון איין זייט ווערט דער קאַפּיטאַל צענויפגעזאַמעלט אין די הענט פון אַ קליינע גרופּע פּערזאָנען, וואָס קאָנטראָלירען דעם עקאָנאָמישען און פּאָליטישען מעכאַניזם און פון דער צווייטער זייט וואַקסט דער קלאַסען־באַוואוסטזיין ביי די ברייטע מאַסען, צוזאַמען מיט דער גרעסטער אָרימקייט און נויט, דאָס מוז ברייננגען צו אַזאַ מין שטופּע, וואו דער אַרבייטער־קלאַס עקספּראָפּריאירט פון די עקספּראָפּריאַטאָרס דאָס פּריוואַט אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ווי די גרויסע מאַשינעריי, לאַנדווירטשאַפטליכע אַקערבוי א. ד. גל. דער פּראָלעטאַריאַט נעמט גלייכצייטיג איבער אין זיינע הענט די שטאַטס־מאַשינעריי, אום איינצופירען דעם סאָציאַליזם. אין אַנדערע ווערטער: דער סאָציאַליזם קען נאָר יענעמאָלט פאַרווירקליכט ווערען ווען דער קאַפּיטאַליזם איז אַנטוויקעלט אויפ'ן העכסטען גראַד און האָט זיך אַליין איבערגעלעבט. אָבער אין רוסלאַנד, טענה'ן די סאָציאַל־פּאַטריאָטען, ליגט נאָך דער קאַפּיטאַליזם אין זיינע וויקעלאַך, דער קאַפּיטאַליזם איז דאָרטען זייער שוואַך אַנטוויקעלט. מיט איין וואָרט, עס פעלען אין רוסלאַנד די אָביעקטיווע און סוביעקטיווע אורזאַכען, ווי מען דריקט זיך אויס אויף הויך־לשון, אום צו פאַרווירקליכען דעם קאָמוניזם.

נו, לאָמיר זען אויף וויפיל אַלערליי סאָציאַל־פּאַרעטער זאָגען אמת און וויפיל זיי באַשווינדלען מאַרקס' גרונט־געדאַנקען.

עס איז אמת, אַז מאַרקס האָט אָנגעוויזען דאָס דער טענדענץ פונ'ם קאַפּיטאַליזם פירט צום סאָציאַליזם. מאַרקס, אַלס סאָציאַל־עקאָנאָמישער פאָרשער, האָט אַנאַליזירט די עקאָנאָמישע סיבות און פעסטגעשטעלט די פאַרשידענע עטאַפּען פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג. מאַרקס האָט אָבער אין קיין איין אָרט ניט אָנגעמערקט, אַז יעדעס לאַנד באַזונדער, — ניט קוקענדיג דאַרויף וואָס עס לעבט אין גאָר נאָענטע שכנות מיט לענדער, וואָס שטייען אויף דער העכסטער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג — דאַרפען אויך דורכמאַכען די זעלביגע אַנטוויקלונגס־עפּאָכען ווי די הויך־אַנטוויקעלטע לענדער.

לאָמיר ברייננגען אַ פּאָר ביישפּילען וואָס וועט קלערער מאַכען דעם לעזער דעם ענין.

ווען מיר זאגען, למשל, אז אמעריקא שיקט ארויס אן עקספע־ דיציע, וואס אנטדעקט אין דער גאר־נאענטער נאכבארשאפט פון אמעריקא א ווילד אפגעשטאנען אינזעל, וואו מען לעבט אויף דעם גאר אמאליגען פרימיטיווסטען אופן. די אמעריקאנער ווילען דארט איינפירען די אמעריקאנער ציוויליזאציע מיט אלע איינצעל־ הייטען. פארשטייט זיך, אז עס וועט זיך ניט טרעפען קיין איין מענש מיט א קלארען קאפ וואס וועט זאגען, אז אויף דעם אינזעל זאל מען ניט איינפירען די מאדערנסטע איינריכטונגען, ניט בויען די הייזער מיט אלע באקוועמליכקייטען, ניט אוועקשטעלען די שולען אויפ'ן בעסטען אופן, ניט איינפירען די פאבריקען אויפ'ן העכס־ טען שטייגער, ניט באנוצען זיך מיט אייזענבאנען, טעלעגראף, טע־ לעפאן און אלע אנדערע מעטאדען פון דער מאדערנער ציוויליזא־ ציע, ניט איינפירען אזא פאליטישע פארוואלטונג וואס זאל זיין אם בעסטען צונעפאסט, נאר דאס ווילדע אינזעל דארף דורכמאכען דיזעלביגע עקאנאמישע און פאליטישע אנטוויקלונגס־שטופען ווי די אייראפעאישע לענדער. דאס הייסט, אז דאס אינזעל דארף צום ערשטען אפלעבען הונדערטער יארען אין דעם פרימיטיווסטען קא־ מוניזם, דערנאך הונדערטער יארען אינ'ם צושטאנד פונ'ם פעאדא־ ליזם, מיט קייסארים און פאנשציזנע און דערנאך פילע הונדערטער יארען ביז עס דערגרייכט אויף דער העכסטער שטופע פונ'ם קא־ פיטאליזם, באשר ובכן, וואס אין מערב אייראפא האט זיך די גע־ זעלשאפטליכע אנטוויקלונג אויסגעגאסען אין אזעלכע פארמען. יע־ דער מענש מיט אביסעל לאגיק אין קאפ וועט ענטפערען: עס איז טאקע אמת, אייראפא האט דורכגעמאכט אלערליי פאקען און מאז־ לען, ביז זי האט דערגרייכט צו אזא שטופע. אבער איצט, ווען מיר האבען שוין די מאדערנסטע פארמען, דארף מען זיי אנווענדען איבעראל אויפ'ן העכסטען גראד.

פילע היסטארישע פאקטען באשטעטיגען, אז דאס, וואס מיר האבען דא אנגעמערקט איז ריכטיג. אט האט דאך אמעריקא אי־ בערגעהיפט דעם פעאדאליזם מיט דער פאנשטשינא, מיט די קייר סארים, און דאך האט עס גאר ניט געשטערט, אז אמעריקא זאל זיין אויפ'ן העכסטען אופן קאפיטאליסטיש אנטוויקעלט.

דער היוצא מדברינו איז, ווען די רוסישע באלשעוויקעס וואל־

טען פארכאפט די עקאנאמישע און פאליטישע מאכט אין אזא צייט ווען דער קאפיטאליזם איז נאך אין ערגעץ ניט אנטוויקעלט אויף דער העכסטער שטופע, וואלטען זיי ווירקליך געהאנדעלט ניט לויט מארקס לערע. אבער די רוסישע באלשעוויקעס האבען איינגעקראגען די מאכט אין זייערע הענט בשעת אין רוסלאנד איז אנגעגאנגען די קאפיטאליסטישע אנטוויקלונג מיט א שנעלען טעמפּ. אין די גאר נאענטסטע שכנה'שע לענדער (אינגאנצען א פאר שטונדען רייזע), ווי דייטשלאנד, ענגלאנד איז דער קאפיטאליזם מיט אלע מאדערנע איינריכטונגען אנטוויקעלט אם שטארקסטען. און עס איז ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט, אז ווען ניט די מערדערליכע בלאקאדע פון די ארומיגע קאפיטאליסטישע לענדער, וועלכע ברעכט צוזאמען ביסלאכווייז, וואלט שוין די פראלעטארישע רעגירונג פון רוסלאנד איינגעפירט די מאדערנסטע מאשינעריע און אנדערע באקוועמליכקייטען.

די סאציאל־אפארטוניסטען פון אלע לענדער בארואיגען זיך אבער ניט. זיי אטאקירען די רוסישע באלשעוויקעס, טענה'דיג, אז זיי, די באלשעוויקעס, זיינען ניט אויפריכטיג און פירען ניט דורך די פראגראם, וועלכע זיי האבען פארעלייגט פאר די ברייטע מאסען. סטייטש, שרייען די סאציאל־פארעטער (לעז: געלע סאציאליסטען בלע"ז), די באלשעוויקעס האבען צוגעזאגט די ארימע מאסען מכל טוב און צום סוף הערשט איצט אין רוסלאנד אזא ארימקייט, הונגער און נויט; די באלשעוויקעס באגייען אז א שיעור טעראריסטישע גוואלד־אקטען א. אז. וו., אט דערמיט באווייזען די מענשעוויקעס און אלע אנדערע סאציאל־רעפארמיסטען, ווי ווייניג זיי קענען אפשאצען א געזעלשאפטליכע איבערקערעניש, ווי ווייט עס דערגייט זייער פאראט, מיינענדיג אפצונארען דעם ברייטען עולם, וועלכער קען ניט אריענטירען און אריינלאזען זיך אין טיפע טעאריעס, נאר לאזט זיך פאנגען אוז באאיינפלוסען פון געפליגעלטע פראזען, און איבערהויפט ווען מען אפעלירט צום מאגען. מיר ווילען דארום ברייננען א פאר ציטאטען פון מארקס'ן און זען ווי אזוי מארקס קוקט און כאראקטעריזירט די בורזשואזע און פראלעטארישע רעוואלוציעס.

„בורזשואזע רעוואלוציעס, ווי די רעוואלוציעס פונ'ם 18טען

יאָרהונדערט, גייען אַלץ שנעלער און מיט שטורם פון ערפאָלג; זייערע סצענישע עפעקטען איבערשטייגען איינער דעם אַנדערען; עס זעט אויס, ווי מענשען און זאַכען וואָלטען פאַרוואַנדעלט גע־וואָרען אין פייערדיגע בריליאַנטען. עקסטאַז איז דער הערשענ־דער גייסט. אַבער אַזעלכע רעוואָלוציעס דויערען ניט לאַנג; זיי דערגרייכען באַלד זייער העכסטען פונקט, און דעמאָלט נעמט אַ היסטערישע רעאַקציע אַרום די געזעלשאַפט, איידער זי לערנט זיך נאָך אויס רואיג צו באַנוצען זיך מיט די רעזולטאַטען פון איר שטורם און דראַנג פעריאָד. פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס, פאַר־קערט, ווי די רעוואָלוציעס פון׳ם 19טען יאָרהונדערט, קריטיקי־רען כסדר זיך אַליין; רייסען זיך אַליין איבער אין זייער גאַנג, קומען צוריק צו דעם, וואָס עס האָט אויסגעזען, אַז עס איז שוין דורכגעפירט, כדי עס אַנצוהויבען פון דאָס ניי; לאַכען גרויזאַם־גרינדליך אויס אַלע האַלבקייטען, שוואַכקייטען און רחמנות׳ן פון זייערע ערשטע פּראָבען; זיי וואַרפען, דוכט זיך, נאָר אום זייער געגנער, כדי ער זאָל זיך אַנזויגען מיט נייער קראַפט פון דער ערד און ווי אַ ריז זיך ווידער שטעלען זיי אַנטקעגען; זיי טרעטען אַלץ ווידער אָפּ אין שרעק פאַר דער אומבאַגרעניצטער אומגעהויערער גרויס פון זייער ציל, ביז עס ווערט געשאַפען אַ לאַגע, וואָס מאַכט אוממעגליך יעדען אומקער צוריק.*)

אין אַן אויסגעצייכענטען און גלענצענדען אַנאַליז גיט מאַרקס איבער די פאַריזער קאָמונע און וואַרפט צוריק אַלע באַשולדיגונגען און שמוץ־וואַרפעריי פון די פאַרשידענע „סאָציאַליסטען" און קליינבירגער, וועלכע האָבען יעמאָלט, פונקט ווי היינט, אַטאַקירט די קאָמונאַרען און פאַסט זיך זייער גוט צו צו אונזערע אייגענע סאָציאַל־אָפּאָרטוניסטען. אָט וואָס מאַרקס זאָגט:

„דער אַרבייטער קלאַס האָט ניט געפאָדערט פון דער קאָמונע און ניט ערוואַרט פון איר קיין ניסים. ער האָט ניט געוואָלט איינפירען דורך אַ פאָלקס־באַשלוס קיינע גרייטע, פאַרענדיגטע אוטאָפּיעס. דער אַרבייטער קלאַס ווייס, אַז כדי דורכצופירען זיין אייגענע באַפרייאונג און צוזאַמען דערמיט בריינגען אויך יענע

*) זע דעם „אַכצענטען בריומאר פון לואי באָנאַפּאַרט", זייט 12.

העכערע פאָרם פון לעבן, צו וועלכער די איצטיגע געזעלשאַפט שטרעבט אומאויפהערליך דורך איר עקאָנאָמישער ענטוויקלונג. דאַרף ער, דער אַרבייטער קלאַס, אויסהאַלטן אַ לאַנגען קאַמף, דורכמאַכן אַ סך געשיכטליכע פּראָצעסן, וואָס וועלן אינגאַנצן אומבייטן סיי די מענשן, סיי די אומשטענדן. ער דאַרף ניט פאַרווירקליכן קיין נייע אידעאַלן; ער דאַרף נאָר באַפרייען די עלעמענטן פון דער נייער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן זיך שוין אַנטוויקעלט אינוויינינג — אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, וואָס האַלט ביים פאַנאַנדערפאַלן. און אין פולען באַוואוסטזיין פון זיין געשיכטליכער מיסיע מיט ווירדע, קאָן דער אַרבייטער קלאַס זיך באַנוגענען מיט אַ שמייכעל אַלס ענטפער אויף די גראָבע זידלערייען פון די לאַקייען פון דער פּרעסע און אויף דעם מוסר־זאָגען פון די גוט־מיינענדע בורזשואַזע דאָקטרינען, וואָס טראָגן אונטער זייערע אומוויסנדע איבערהפלעכליכקייטען און זייערע סעקטאַנטישע דריידלעך אין דעם נביא׳שען טאָן פון וויסנשאַפטליכע קעגער און ווייסער.*)

דער אמת איז, אַז די סאָציאַל־אַפּאָרטוניסטען זיינען געגנער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, ניט דערפאַר, ווייל די פּראָלעטארישע רעוואָלוציע גייט ניט לויט דער תורה פון מאַרקס׳ן, נאָר זיי זיינען געגנער פון יעדער מין רעוואָלוציע. די זעלביגע סאָציאַל־פּאַררעטער, וועלכע פלעגן אַרגומענטירען געגען דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, ווייל דאָרטען איז נאָך דאָס פאָלק און לאַנד ניט רייף פאַר דעם, זיינען געווען די־זעלביגע געגנער פון אַ פּראָלעטארישער רעוואָלוציע אין דייטש־לאַנד, וואו דאָרטען קען ניט אַנגיין דערזעלבער תירוץ: אַז די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג און די פּראָלעטאַרישע מאַסען זיינען ניט צוגעגרייט איבערצונעהמען דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען מעכאַניזם אין זייערע הענט. זיי וועלען געפינען תירוצים איבעראַל, ווייל זיי זיינען פון קאָפּ ביז די פיס איינגעטונקען אין קליינבירגערטום, וואָס ציטערט פאַר אַ רעוואָלוציע ווי אַ שד פאַר אַ מזוזה.

*) פון מאַרקס שריפטען: „דער בירגער קריג אין פראַנקרייך, 1870—1871“, זייט 47.

זיי, די סאציאל־פאררעטער, זיינען געווארען די פארטיי פון „ארד־נונג־היטער“ און ליידען פון דער קראנקהייט, ווי מארקס דריקט זיך אויס, אינ׳ם „18טען ברויומער“. פונ׳ם פארלאמענטארישען קרעטיניזם. זיי שעצען איבער די פארלאמענטארישע פונקציעס איבער די רעאלע קרעפטען און פארהעלטנישע. די סאציאל־פאר־רעטער גלויבען ניט אין די כוחות פון דער מאסע, זיי האבען פאר־לוירען יעדען צוזאמענהאנג מיט די אמת׳ע פראלעטארישע שיכ־טען.

# דער יקרות, פּראָפיט, רעפאָרמער און געלע סאָציאַליסטען*)

די יקרות־פראַגע איז געוואָרען איינע פון די ברענענדיגסטע טאָג־פראַגען אינ׳ם היגען לעבען. אַרבייטער און געשעפטס־לייט, קליינע אייגענטימער און אַפילו גרויסע פאַבריקאַנטען — אַלע האַלטען אין איין מורמלען, אַז דער יקרות האָט דערגרייכט צו אַזאַ שטופע, וואו עס איז אוממעגליך איבערצוטראָגען. איבערהויפּט האַלט אין איין שטייגען און וואַקסען די פרייזען אויף די נויטיגע לעבענס־מיטלען, וועלכע פאַלען אַלץ שווערער און שווערער אויף דעם אַרבייטערס פּלייצעס. די שטייגערונג האָט שוין דערגרייכט צו אַזאַ צושטאַנד, אַז „באו מים עד נפש" — די וואַסער דערגרייכט ביז צום האַלז.

וואָס זשע פאַר אַ מיטלען און פּלענער נעמט אַן געגען דעם יקרות די ערוויילטע פאָרשטייער פון פאָלק און די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען? ווי אַזוי באַקעמפען דעם יקרות די אַלע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען און „ליגעס", וואָס האַלטען אין איין טרומייטען אַז זיי זיינען אויסען בלויז דעם נוצען פון פאָלק?

אַ, געוויס, וועט מיר דער לעזער ענטפערען, טוט מען ביי אונז עפּעס געגען יקרות. דער סענאַט, דער פּרעזידענט, דער קאָנגרעס, לעדזשיסלייטשור און גלאַט פאָלקס־פאַרזאָרגער האַלטען אין איין רעקלאַמירען און „בומען", אַז זיי האָבען שוין די ריכטיגע מיטלען צו באַקעמפען דעם יקרות און באַלד וועט קומען די גאולה.

דער ערשטער שריט צו באַקעמפען דעם יקרות האָט מען, — ווי מען טוט מיט אַנדערע ערענסטע פּראָבלעמען אין דעם היינטיגען סיסטעם, — ערוויילט קאָמיטעס. דער סענאַט, קאָנגרעס, און

*) ערשינען אין „קאמף", 24־טען אָקטאָבער, 1919.

אַלע אַנדערע געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען, ווי אויך פילע גע־
זעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, האָבען ערוויילט קאָמיטעס, וואָס
גריבלען און מוטשען זיך איבער דעם יקרות פּראָבלעם.

מיט אַ קורצע צייט צוריק האָט די קאָמיטע צו ערפאָרשען
דעם יקרות־פּראָבלעם, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען ביי דער גע־
זעלשאַפט „די אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע פּאַרטיידיגונג" (אַ שוואַרצ־
מאה'דיגע אָרגאַניזאַציע), אַריינגעטראָגען איהר רעפּאָרט. אַט איז
אַ טייל פון איר רעפּאָרט:

„די העכערונג פון פּרייזען האָט אַם שטאַרקסטען געשטיגען
אויף די שפּייז פּראָדוקטען. אויף דעם דאָזיגען געביט זיינען די
פּרייזען געהעכערט געוואָרען אויף מער ווי הונדערט פּראָצענט".
דער רעפּאָרט פון „ דער געזעלשאַפט פאַר נאַציאָנאַלע פּאַרטיידי־
גונג" באַמערקט גלייכצייטיג, אַז די שפּייז פּראָדוקציאָן איז פאַר די
לעצטע פּאָר יאָר גוואַלדיג אויסגעוואַקסען. עס איז אויך אין די
לעצטע עטליכע יאָר געווען אַ גאַנץ נישקשה'דיגער גערעטעניש אויף
שפּייז פּראָדוקטען אינ'ם היגען לאַנד. אַזוי האָט מען, צום ביי־
שפּיל, אין יאָר 1914, אַרונטערגענומען 728 מיליאָן בושעל, אין
יאָר 1918, 917 מיליאָן בושעל, אין יאָר 1919 גאַנצע 1,326 מי־
ליאָן בושעל. פון דעם איז צו זען, אַז דער גערעטעניש אויף עכּנ־
וואַרג איז אין דעם יאָר אויסגעוואַקסען אויף גאַנצע 50 פּראָצענט
געגען דעם יאָר 1914.

וואָס אַנבעלאַנגט פלייש, ווערט געזאָגט אין רעפּאָרט, אַז
בשעת אַמעריקא איז געווען אַריינגעטאָן ראשו ורובו אין דעם איי־
ראָפּייאישען וועלט־קריג האָט אַמעריקא פאַרמאָגט אַ פיל גרעסערע
סומע פלייש ווי אין די יאָרען פאַר'ן קריג... מען דאַרף ניט פאַר־
געסען דעם פאַקט אַז עס איז איצט אויך פאַראַן גענוג שפּייז־פּראָ־
דוקטען. און דאָך שטייגען די פּרייזען פון טאָג צו טאָג.

כדי צו האָבען אַ באַגריף וועגען דעם וואוקס פון די פּרייזען,
איז גענוג צו ברייגנען די ציפערען פון „די אַנאַליסט", וועלכער
ווערט אַרויסגעגעבען פון דער ניו יאָרקער טיימס קאָמפּ. לויט די
דאָזיגע ציפערען קומט אויס, אַז אין פאַרגלייך מיט 1914 זיינען
די פּרייזען פון עסענוואַרג געשטיגען צום סוף יולי היינטיגעס יאָר,
אויף הונדערט מיט צוועלף פּראָצענט, דאָס הייסט, אַז דער דאָלער

קען איצטער קויפען שפּייז בלויז אויף אַרום פינף און פערציג סענט.

עס איז קלאָר, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס אין צייט פון קריג איז דער פּרייז אויף עסענוואַרג מוראַ׳דיג געשטיגען, זיינען ראַד זינט דעם כלומר׳שטיגען פרידענס־אַפּמאַך די פּרייזען כסדר געוואַקסען. אין אַפּריל זיינען די פּרייזען אויף לעבענס מיטלען — לויט דער ביוראָ אָוו לייבאָר סטאַטיסטיקס — געשטיגען אויף פיר פּראָצענט, און אין יולי, לויט „ברעדסטריט" זשורנאַל, האָבען זיך די פּרייזען ווידער געהויבען אויף העכער פון פינף פּראָצענט. און פון מאָנאַט יולי אַז ווערט דער יקרות אַלץ גרעסער און גרעסער.

איצט לאָמיר פאַרגלייכען די שטייגונג פון די פּרייזען אויף לע־בענס־מיטלען מיט די זאַגענאַנטע מינימום שכירות, וואָס די בור־זשואַזנע עקאָנאָמיסטען שאַצען אָפּ, אַז אַרבייטער פאַמיליע דאַרף האָבען צום לעבען. אין יאָר 1909 האָט פּראָפעסאָר טשאַפּין גע־מאַכט אַן אונטערזוכונג וועגען אַ מינימום „סטענדאַרד אָוו ליווינג" וואָס אַן אַרבייטער פאַמיליע דאַרף האָבען און געקומען צום שלוס, אַז אין 1909 האָט אַ פאַמיליע פון פינף מענשען, עלטערען מיט דריי קינדער געמוזט האָבען ניט ווייניגער פון 800—900 דאָלאַר אַ יאָר. די ניו יאָרקער באָארד אָוו עסטימייטס און אַפּאָרשאָמענטס, האָט אין 1917 געמאַכט אַן אונטערזוכונג וועגען אַ מינימום בור־זשעט פון אַן אַרבייטער פאַמיליע און האָט אויסגעפונען, אַז מען דאַרף האָבען מעהר ווי ניין הונדערט דאָלאַר אַ יאָר. אין אָנהויב פון 1918 האָט די פעדעראַלע ביוראָ אָוו לייבאָר סטאַטיסטיקס געמאַכט אַן אונטערזוכונג וועגען די לעבענס־קאָסטען צווישען די שיפּ־יאַרד*) אַרבייטער פון אייניגע שטעט און האָט אויסגעפונען אַז פיערצען הונדערט דאָלער אַ יאָר איז נויטיג פאַר אַ פאַמיליע. און מיט אַ קורצע צייט צוריק, איז דער קאָמישיאָנער פון דער ביוראָ אָוו לייבאָר סטאַטיסטיקס, מר. ראָיאַל מיקער, געמאַכט אַן ערקלע־רונג, אַז דער מינימום וואָס אַן אַרבייטער פאַמיליע דאַרף האָבען אויף צום לעבען איז אַכטצען הונדערט דאָלאַר אַ יאָר.

ווען מיר פאַרגלייכען די העכערונג פון די נויטיגע לעבענס־מיטלען אַנטקעגען די פאַרגרעסערטע אַרבייטער־שכירות, באַקומט

*) שיף אַרבייטער.

זיך אזא מין בילד. ווען די העכערונג אויף לעבענס־קאסטען האט געשטיגען אויף הונדערט און פינף און צוואנציג פראצענט, האבען זיך די שכירות פון די ארבייטער, אין יאר 1918, פארגרעסערט בלויז אויף 42 פראצענט. אויף וויפיל האבען זיך פארגרעסערט די שכירות פון די ארבייטער פאר דער לעצטער צייט, זינט די מלחמה האט זיך געענדיגט? געווים זיינען ניט די שכירות פון די ארבייטער מיטגעוואקסען צוגלייך מיט'ן יקרות. אבער אפילו ווען מיר זאלען אויף א מינוט צוגעבען, אז די לעצטע פאר מאנאטען האבען זיך די שכירות פון די ארבייטער פארגרעסערט אויף צען אדער פופצען פראצענט — וואס דאס לאזט זיך גאר ניט גלויבען — קען מען אויך לייכט באמערקען ווי די ארבייטער זיינען ווייט הינטערשטעליג מיט זייערע פארדינסטען געגען דעם שטייגענדען ביטערען יקרות. און דער יקרות לאזט זיך טאקע שטארק פילען אין די היימען פון די ארבייטער.

אדער ווען מיר נעמען די רענט־פראגע, —דאס איז געווארען די לעצטע צייט איינע פון די אנגעווייטאגטסטע און פארשאלטענסטע פראגען ביי די היגע ארבייטער. אויב אויף פארשידענע ארטיקלען קען מען די העכערונג פון די פרייזען מעסטען אויף הונדערט אדער העכער פראצענט, איז די העכערונג אויף וואוינונגען גאר אהן א ברעג און אהן א מאס. דא געהט אז דער כלל: כל דאלים גבר — ווער עס איז שטארקער דער נעמט. מען שניידט פשוט אראפ די הויט ביי דער ארימער באפעלקערונג און לית דין ולית דיין. דער טעראר פון די לענדלארדס (הויז־באזיצער) אויף די טענאנטס (איינוואוינער) גייט אויף אזוי ווייט, אז מען שטעלט אפטער ארויס אין גאס ארויין דעם טענאנט אפילו ווען דער טענאנט איז וויליג צו באצאלען די סומע וויפיל דער לענדלארד הייסט.

אט אנומעלט האבען די צייטונגען געמאלדען, אז אין איין טאג האט מען גאנצע צען טויזענד פאמיליעס ארויסגעווארפען פון די וואוינונגען און ס'איז געווען שא, שטיל.

ס'פארשטייט זיך, אז די קאפיטאליסטישע אדוואקאטען אין דער בורזשואזער פרעסע גיבען כלומרשט אן פארשידענע תירוצים פאר וואס די לענדלארדס רייסען אזוי א פאס פונ'ם עולם.

אין צייט פון קריג זאָגען זיי, די בורזשואַזנע פּאַרטיידיגער, איז ניט געווען קיין גינסטיגע צייט פאַר בויען הייזער. וואָרים ערשטענס, האָט געפעלט בילדינג מאַטעריאַלען, ווייל די רעגירונג האָט צוגענומען דעם גאַנצען מאַטעריאַל פאַר זיך. עס האָבען גע־פעלט אַרבייטער, ווייל מען האָט גרויסע מאַסען צוגענומען אין דער אַרמיי. איבריגענס, האָט זיך אין קריגס־צייט בכלל ניט געלוינט אַריינצולעגען אַביסעל געלד אין הייזער, וואו מען האָט קוים גע־קענט קריגען אַ קלעגליכען זעקס פּראָצענט, ווערענד אין פּראָפיטי־רונג און אין אַנדערע ספּעקולאַציעס האָט מען יעמאָלט געקענט אַנזאַמלען גאַנצע אוצרות מיט געלד. און במילא ווען די נאָכפראַ־גע איז אַ גרויסע און דער אַנבאָט אַ קליינער, איז געהעכערט גע־וואָרען אַזוי שטאַרק די רענט.

די דאָזיגע צייט איז אָבער שוין לאַנג פאַראיבער. עס זיינען שוין איצט פאַראַן גענוג מאַטעריאַלען און אַרבייטער. די ספּעקו־לאַציעס פון מלחמה יאָריד האָט שוין אויך אויפגעהערט. עס ווע־רען טאַקע די לעצטע צייט געבויט זייער פיל הייזער. טאָ פאַר וואָס זשע העכערט מען איצט די רענט טאָג־טעגליך?

„סאָשיעל וואָרקערס" און סאָציאַל רעפאָרמער האָבען ערוויילט קאָמיטעס, וואָס פאַרנעמען זיך כלומר'שט מיט אויספאָרשען די רענט־פראַגע. אָט אַזוי עקזיסטירט אַזאַ מין קאָמיטע אין די בראָנקס און אין פילע אַנדערע טיילען פון שטאָדט. עס פאַרשטייט זיך, אַז ניט די קאָמיטע וויל און ניט זי באַזיצט די מאַכטווירק־ליך צו באַשיצען דעם טענאַנט געגען דעם לענדלאָרד. די קאָ־מיסיעס זיינען אויסען און באַצוועקען בלויז אַ פּ צ ו אָ ו ו ע נ־ ד ע ן און איינצושטילען די וואַקסענדע אומצו־פרידענהייט פון די מאַסען, וואָס שטייגט פון טאָג צו טאָג. די קאָמיסיעס ווילען פאַרבלענדען די מאַסען כדי זיי, די מאַסען, זאָ־לען ניט נעמען זוכען און פאָרשען פון וואַנען טאַקע דער יקרות און רענט־העכערונג נעמט זיך, און יעמאָלט ווען די מאַסען נע־מען די גאַנצע זאַך אין ז י י ע ר ע א י י ג ע נ ע ה ע נ ד א ר י י ן.

אויך די געלע סאָציאַליסטישע פּרעסע, וועלכע קומט אַרויס פונקט ערב עלעקשאָן מיט אַ טאַראַראַם, אַז זי באַשיצט די טע־

נאנטס געגעז די הויט־שינדערישע לענדלארדס, און די סאציאליס־טישע לאיערלאך לויפען ארום פארהאוועט און פארשמייעט און ווילען מאכען דעם איינדרוק, אז זיי איז געלונגען צו ראטעווען א פאר טענאנטס פון א לענדלארד׳ס נעגעל, שפילען דא אויך א דע־מאגאגישען טריק. מען איז אויסען מיט אזעלכע מיטלען אויס־צובעטלען א פאר שטימען פאר זיך פון די נאאיווע בירגער, ווייל זיי, די סאציאליסטישע לאיערלאך און שרייבער, זיינען ניט ביכולת עטוואס רעאלעס, ווירקזאמעס אויפצוטאן אויף דעם דאזיגען גע־ביט. מיט אזעלכע מעטאדען און מיטלען פירט מען בלויז אראפ די בירגער פון צו פארשטיין די אמת׳ע אורזאכען פון יקרות און ווי אזוי מען זאל אים באקעמפען.

נאר קודם לאמיר פעסטשטעלען דעם דיאגנאז: פון וואנען נעמט זיך דער יקרות?

צו אלער ערשט א ביסעל פאליטישע עקאנאמיע.

די בורזשואזע עקאנאמיסטען האבען אויסגעארבייט א טעאריע מכח דעם היינטיגען קאפיטאליסטישען סיסטעם, וועלכע מ׳קען זייער גוט כאראקטעריזירען מיט׳ן פראנצויזישען ווערטעל: „לעסעי פעיר, לעסעי פאסע“ — אלעס זאל גיין ווי עס גייט.

דער גרונד־געדאנק פון דער דאזיגער טעאריע איז, אז די אינ־דוסטריעלע וועלט רעגולירט זיך זעלבסט דורך דעם שטענדיגען גע־זעץ פון אנבאט און נאכפראגע, אז אלעס גייט נארמאל און איז ארדנונג, ווען מען לאזט די אינדוסטריען צורו.

דערפאר איז אין ענגלאנד (דאס וויגעלע פון קאפיטאליזם), ווי אויך אין אמעריקא, אזוי שטארק אנגענומען דער פרינציפ, אז די רעגירונג טאר זיך באין אופן ניט אריינמישען אין די אינער־ליכע געשעפטען פון פאבריקאנט אדער סוחר.

די דאזיגע טעאריע האט זיך אבער ארויסגעוויזען פאר פאל־שטענדיג באנקראט. דאס יאגעניש נאך פראפיט, דער שטארקער באגער פון יעדען קאפיטאליסט אנצוזאמלען וואס מער פאר זיך און די אנארכיע פון וועלט־מארקעט זיינען די טרייב־קרעפטען, וואס דער קאפיטאליזם ווארפט ארויס מער פראדוקטען אויפ׳ן וועלט־מארקעט ווי די נאכפראגע איז אויף זיי. און דער רעזול־טאט איז, אז כמעט יעדע 12—14 יאר אנטשטייען גרויסע קריזי־

פען, וואָס ערשיטערען און טרייסלען אויף ביז׳ן גרונד די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם און דראָען איר פאַרניכטונג.

דער קאַפּיטאַליזם האָט אויך דערפילט, אַז זיין יורש, דער פּראָלעטאַריאַט, ווערט פון טאָג צו טאָג שטאַרקער, באַוואוסטזיני־גער און רעוואָלוציאָנערער, אַז דער ארבייטער־קלאַס גרייט זיך ווי אַם גאָענטסטען צו פאַרכאַפּען די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאַכט אין זיינע אייגענע הענד אריין, האָט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס גענומען זיך שטאַרק אָרגאַניזירען אין סינדיקאַטען און טראַסטען, כדי אויף וויפיל ניט איז איינרעגולירען די פּראָדוקציאָן, אַפּשאַפען די פרייע קאָנקורענץ און מיט פאַראייניגטע כחות זיך אַנטקעגען צו שטעלען געגען דעם ערוואַכטען, קעמפענדען פּראָלעטאַריאַט.

די קאַפּיטאַליסטען, זייענדיג פאַראייניגט אין טראַסטען, ווענ־דען אָן אַלערליי געמיינע און שמוציגע מיטלען ארויסצוצאַפּען ביים עולם דאָס לעצטע ביסעל בלוט. זיי נעמען אָן קינסטליכע מיטלען ארויפצושרויפען די פרייזען פון די פּראָדוקטען און אַנזאַמלען וואָס מער פּראָפיט פאַר זיך.

און אין דער אמת׳ן. אַלע גיבען צו—צווישען זיי אויך דער עקס־פּרעזידענט ווילסאָן, — אַז עס זיינען איצטער דאָ פאַראַן פיל מער זאַפּאַסען פון עסענוואַרג און אַנדערע פּראָדוקטען איידער פאַר אַ יאָרען און פונדעסטוועגען האַלטען די פרייזען אין איין שטייגען. עס איז דאַרום קיין צווייפעל ניט, אַז דאָס וואָס מען רופט איצטער אָן „פּראָפיטירונג“ איז איינע פון די הויפּט־אורזאַכען פון יקרות.

לאָמיר נעמען פאַר אַ ביישפּיל די מילך־פּראָדוקציאָן. עס איז אַלעמען באַוואוסט, אַז די בהמות פּראָדוצירען שטענדיג מער מילך ווי מען קען פאַרברויכען. יעדעס יאָר שפּאָרט מען אָפּ פון די אי־בערגעבליבענע מילך אַלערליי זייטיגע מילך א. ד. גל. היינט פאַר וואָס זשע שטייגט דער פרייז פון מילך פון טאָג צו טאָג?

דער תירוץ איז, אַז אונגעהייערע זאַפּאַסען פון מילך גייען אין ניוועץ, ווערען פאַרניכטעט אָדער מען האַלט זיי אין די סטאָרעד־זשעס, כדי די נאָכפראַגע זאָל זיין גרעסער ווי דער אָנבאָט, און מען קען יעמאָלט העכערען די פרייזען וויפיל די טראַסטען ווילען.

אָדער לאָמיר נעמען אָן אַנדער פאַל. די פעדעראַל טרייד־קאָמישאָן האָט אין אָנהויב יאָר 1918 פאַרעפענטליכט זייער איינ־

טערעסאנטען מאטעריאל וועגען די מאנאפאליסטישע אינדוסטריעז און באזונדער וועגען דעם פלייש־טראסט. דער פלייש־טראסט, וועלכער האט פאר דריי יאר פאר דער מלחמה געמאכט ניינצען מיליאן דאלאר פראפיטען, האט פאר די דריי מלחמה יארען — 1914, 1915, 1917 — געמאכט 140 מיליאן דאלאר, אחוץ די ניינצען מיליאן. דער באריכט פון פעדעראל טרייד באארד פון היינטיגס יאר ווייזט אן, אז אחוץ דעם, וואס דער פלייש־טראסט האט מאנאפאליזירט דעם פלייש־מארק און שטעלט אזעלכע פרייזען ווי ער וויל, האט ער אויך מאנאפאליזירט פילע אנדערע אינדוסטריען. דאס זעלבע איז אויך ריכטיג וועגען פילע אנדערע טראסטס, וועלכע האבען מאנאפאליזירט די אינדוסטריען זאגאר פון פילע אנדערע לענדער.

ניט לאנג צוריק האט די פעדעראלע האנדעלס־קאמיסיע אין איר רעפארט צווישען אנדערעס אנגעוויזען, אז די אמעריקאנער קאפיטאליסטען קויפען איין אין קאלאסאלע סומען אלערליי שפייז־פראדוקטען. די שפייכלערס און קעלערען זיינען איבערפילט מיט אייער, פלייש, פוטער און אנדערע עסענווארג, און די פרייזען פון די פראדוקטען שטייגען אלע מאל העכער און העכער.

דער אמעריקאנער קאפיטאל האט זיך ארומגעזען, אז איירָאפּא, וועלכע ליגט אין רואינען און איז ניט פראדוקציאנס־פעהיג, וועט פאר א לאנגע צייט זיך נויטיגען אין די אמעריקאנער און ענגלישע פראדוקציאן, אז איירָאפּא איז א גוטער מארקעט פאר זייערע סחורות און מען וועט דארטען קענען רייסען א פּאס פונ'ם עולם וויפיל עס וועט זיך זיי נאר גלוסטען.

די אלע שיינע ווערטער און פראזען וועגען פאטריאטיזם זיינען ניט ווערט קיין אויסגעבלאזענע איי, דארטען וואו עס האנדעלט זיך וועגען מאכען פראפיטען. די נעכטיגע שונאים ווערען היינט גוטע פריינד, אבי אנצושטאפען די קעשענעס מיט געלד. אין א קארעספאנדענץ פון דייטשלאנד, וואס איז די טעג אנגעקומען, ווערט דערציילט, אז די אינטערנאציאנאלע פראפיטירער־באנדע הערשט אין דייטשלאנד אזוי גוט ווי אין די פאראייניגטע שטאטען.

אז דאס אנזאמלען פון פילע שפייז־פראדוקטען ארויסצופירען

קיין אויסלאנד ווירקט שטארק צו העכערען די פרייזען דא אין לאנד, גיט אויך צו דער רעפארט פון דער „געזעלשאפט פאר נאַציאנאלע פארטיידיגונג", וועלכע ווייזט אן, אז אין די ערשטע זיבען מאנאטען פון דעם דאזיגען יאר איז פון די פאראייניגטע שטאטען ארויסגעפירט געווארען העכער פון א מיליארד פונט פארשידענע סארטען פליישען, און עס איז דאך געבליבען אין די היגע קאלד סטארעדזשעס העכער פון 1,336 מיליאן פונט.

ס'פארשטייט זיך, אז עס ווירקען אויך אנדערע פאקטארען וואס די העכערונג אויף די פרייזען וואקסט אזוי שטארק. ווי, צום ביישפיל, דאס פאלען פון געלט און די גרויסע צירקולאציע פון פאַפיר־געלד. אבער דאס ווירקט ניט אויף אזוי פיל צו מאכען אזא גרויסען אונטערשיד אין פרייזען. דער אמעריקאנער דאלאר איז געווים ניט געפאלען אין פרייז אויף די בירזשעס און דאך האלט דא דער פרייז אין איין שטייגען.

טא ווי אזוי זשע ווילען כלומר'שט לעזען די יקרות־פראבלעם די פארשידענע פאליטישע פארטייען און געזעלשאפטליכע ארגאַניזאציעס?

די דעמאקראטישע פארטיי האט צוגעזאגט אין איר קעמפיין־ליטעראטור פון 1912 צו פארקלענערען דעם יקרות. נו, האבען מיר געהאט א דעמאקראטישע אדמיניסטראציע פאר א צייט. דער קאנגרעס האט דורכגעפירט אלע טאריף־געזעצען, געלד־ און אינ־דוסטריעלע רעפארמען. און יעצט, נאך זעקס יאר ערפארונג מיט אלערליי רעצעפטען, געפינט דער בירגער אויס, אז דער יקרות האט זיך פארגרעסערט אויף העכער פון הונדערט פראצענט.

פאר וואס? — דער ענטפער וועלכען מען גיט דעם בירגער, איז — „די מלחמה".

איז דאס טאקע די ריכטיגע אורזאכע? אויב דאס וואלט געווען דער פאל, טא פאר וואס האבען די פרייזען געשטיגען אזוי הויך אין די יארען פון 1896—1901, אדער 1905—1910? יעמאלט איז דאך קיין מלחמה ניט געווען. עס איז קלאר, אז די יקרות־פראגע איז אן עקאנאמישע פראבלעם, וואס האט גאר א קנאפען שייכות צו קריג אדער פרידען. די ליגע פון נאציאנען וועט זיכער ניט פרובירען און ניט קענען פארקלענערען דעם יקרות.

עס איז כאַראַקטעריסטיש ווי אזוי עקס־פּרעזידענט ווילסאָן זוכט כלומרשט צו לעזען די יקרות־פּראָגע. אין אַ רעדע, וואָס דער פּרע־זידענט האָט געהאַלטען דעם 8טען אויגוסט, שלאָגט ער פאָר אַז מען זאָל זען ניט דערלאָזען, אַז מאַנכע פאַמיליען זאָלען אַנזאַמ־לען צופיל שפּייז. מען זאָל באַצייכענען אויף יעדען פּעקעל סחורה דעם פּרייז, וואָס עס האָט געקאָסט פאַבריצירען דאָס; אַז קאָר־פּאָריישאָנס, וואָס טוען גרויסע געשעפטען איבער'ן לאַנד, זאָלען מוזען האָבען אַן ערלויבעניש, כדי מען זאָל קענען רעגולירען דעם געלד־פּאַרקער. — אָט דאָס זיינען די מיטלען געגען דעם יקרות! דער באַוואוסטער עקאָנאָמיסט, פּראָפ. סקאָט ניערינג, באַווייזט מיט פאַקטען, אַז אין אַמעריקא גופא עקזיסטירט שוין אינגאַנצען ניט דאָס קאַפּיטאַליסטישע געזעץ: „דער פּרייער פּראָצעס פון נאָכפראגע און אָנבאָט“. אין אַמעריקא האָט זיך פאַר דעם לעצטען צענדליג יאָר קאָנצענטרירט דער קאַפּיטאַל אין די הענט פון עטליכע פּערזאָנען און באַנקען, וואָס ווענדען אָן אַלע מיטלען צו קריגען אַלץ גרעסערע און בעסערע דיווידענדען. די דאָזיגע גרופּע פון אינדוסטריעלע קעניגע, די פּלוטאָקראַטיע פון קאַפּיטאַל, ד י ק ־ ט י ר ע ן ד ע ם ג אַ נ צ ע ן פּ אָ ל י ט י ש ע ן א ו ן ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ן ס י ס ט ע ם א י ן ד י פ אַ ר א י י ־ נ י ג ט ע ש ט אַ ט ע ן.

מיר וועלען איצט איבערגיין צו אַן אַנדער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אויך אויסגעפינען מיטלען געגען יקרות. דאָס איז די זאָגענאַנטע אַרבייטער רעפאָרמער, די „ניו יאָרקער סטייט פּע־דערײשאָן און לייבאָר“.

די „סטייט פעדערײשאָן און לייבאָר“ האָט פאַרעפענט־ליכט איר רעפּאָרט בנוגע צום יקרות.

דער גאַנצער רעפּאָרט איז אָנגעפילט מיט פּאַטריאָטיזם און לאָיאַליטעט. אויף יעדען שריט איז אונטערגעשטראָכען דער פאַקט, אַז זיי האָבען אָרענטליך און טריי געדינט דעם פּרעזידענט ווילסאָן, און די גאַנצע שולד פון יקרות וואַרפען זיי גאָר אַרויף... אויף די אַרבייטער. די אונאויפּערליכע סטרייקס — זאָגט דער רעפּאָרט, — וועלכע האָבען געבראַכט צו דער פאַרקירצונג פון אַרבייטס־

טאָג און אַ העכערונג אין לױן, האָט געבראַכט צו דעם, אַז די פּראָ־דוקטיװיטעט פון אַרבײט איז פאַרקלענערט געװאָרען. און אַזױ װי די קאַפּיטאַליסטען מוזען האָבען זײערע פּראָפיטען, זײנען זײ דאָרום געצװאונגען צו נעמען טײערער פאַר זײערע פּראָדוקטען. אױף אַזאַ מין אופן מוז יעדע לױן־העכערונג און די פאַרקירצונג פון אַרבײטס־טאָג נױטװענדיגערװײזע ברענגען צו אַ העכערונג פון די פּרײזען אױף די פּראָדוקטען.

געבענדיג אַזאַ „טעאָרעטישע“ גרונדלאַגע, זײנען די פירערס פון דער ניו יאָרקער סטײט פעדערײשאַן און לײבאָר געקומען צום שלוס, אַז די אַרבײטער דאַרפען זיך סטאַרען צו זײן װאָס מער פּראָדוקטיװ.

„עס איז די פליכט פון די אַרבײטער — זאָגט װײטער דער באַריכט — צו פּראָדוצירען אין דעם אַכט־שעה׳דיגען אַרבײטס־טאָג אַזױ פיל פּראָדוקטען װיפיל מען האָט פּראָדוצירט בשעת מען האָט געאַרבײט אַ צען שעה׳דיגען אַרבײטס־טאָג און נאָך מער. מען דאַרף אַרבײטען אינטענסיװ. דאָס מײנט, אַז מיר דאַרפען אַרבײטען פיל שװערער, װי מיר האָבען געאַרבײט ביז איצט...“

די ניו יאָרקער סטײט פעדערײשאַן און לײבאָר האָט זיך אױך אַרױסגעזאָגט פאַר ליקװידירען אַלע סטרײקס פאַר די נעקסטע זעקס מאָנאַטען. און אין פאַרלױף פון דער צײט װעט מען געבען אַז ער־לױבניש צו סטרײקען נאָר אין אַזאַ פאַל, װען די יוניאָן װעט באַ־װײזען, אַז עס האַנדעלט זיך װעגען איר עקזיסטענץ. די אַלע איצ־טיגע סטרײקס דאַרפען גלײך ליקװידירט װערען.

אַט אַזױ האָבען „די פאַרשטײער“ פון די אַרבײטער אַרױפ־געװאָרפען די שולד פון דער העכערונג אױף די פּרײזען אױף די אַרבײטער. זײ רופען די אַרבײטער צו אַרבײטען װאָס שװערער און ניט צוהערען זיך צו די „משוגענע טרױמער“, װאָס הײסען די אַרבײטער קעמפען פאַר אַ בעסער לעבען.

די פּאָליטישענס פון דער ניו יאָרקער סטײט פעדערײשאַן און לײבאָר קענען גאָר ניט באַנעמען די טיפקײט פון דעם יקרות־פּראָבלעם. זײ קענען ניט באַגרײפען אַז די יקרות־פראַגע איז אַ רינגעלע אין דעם הײנטיגען קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם. זײ, די לידערס פון דער פעדערײשאַן און לײבאָר, באַמערקען װי דורך די

ריזיגע סטרייקס ווערט די גאנצע קאפיטאליסטישע געביידע אויפ־געטרייסעלט, און אזוי ווי זיי זיינען טרייע אנהענגער און פאר־טיידיגער פון דער היינטיגער ארדנונג, ווילען זיי אפשאפען סטרייקס.

אנומעלט, ווידער, האבען די צייטונגען געמאלדען, אז די גע־וועזענע באאמטע פאלמער און דירעקטאר קלארקסאן, פון דער ניי־שאנאל דעפענס, האבען ערקלערט, אז עפעס מוז געטאן ווערען צו פארקלענערען די פרייזען, און זיי קלייבען זיך דארום ארויסצולאזען אן אויפרוף צו די אמעריקאנער פרויען, אז זיי זאלען איצטער ניט איינקויפען צופיל זאכען, נאר ווארטען ביז עס וועלען אנקומען בעסערע און לייכטערע צייטען. צוליב דעם צוועק וועלען אנגע־שטעלט ווערען רעדנער, וואס זאלען אפעלירען צו די פרויען אין אלע עפענטליכע פלעצער, ווי טעאטערע, טאנץ־זאלען און וואו נאר עס וועלען זיך צונויפקומען פרויען.

אט דאס איז איינער פון די טריקס, וואס די פאליטישענס באנוצען צו שיטען זאמד אין די אויגען פון די ברייטע מאסען. זיי, די רעגירונגס־באאמטע, ווייסען גאנץ גוט, אז מיט אפשפרעכען אן עין־הרע קען די יקרות־פראגע ניט געלעזט ווערען. זיי פארשטייען זייער גוט, אז מיט בלאזען שופר קענען די טויערען פון יריחו ניט איינפאלען. זיי זיינען אבער געננוג כיטרע און קלאסען־באוואוסט, אנצואווענדען דעם פויק און טרומייטער צו פארטומלען, ווי אין פילע אנדערע פראגען, די מוחות פון די ברייטע מאסען, כדי דאס פאלק זאל ניט זוכען און פארשען פונוואנען דער יקרות נעמט זיך.

עס איז פאראנען נאך אן ארגאניזאציאן, וועלכע זוכט כלומרשט צו לעזען די יקרות פראבלעמע — דאס זיינען אונזערע נעכטיגע פריינד — די סאציאליסטישע פארטיי.

די סאציאליסטישע פארטיי האט ניט קיין מיטלען און קען ניט פארקלענערען דעם יקרות, ווען עס זאל איר אפילו על פי נס געלונגען צו ערוויילען א גאר גרויסע צאל פארשטייער אין קאנ־גרעס אדער אין אנדערע געזעצגעבענדע קערפערשאפטען. און דאך ווען עס קומט אן דער וואל־קאמף, לאזט די סאציאליסטישע פאר־טיי ארויס אויפרופען צום עולם, וואו מען פארשפרעכט דער מאסע, אז וויבאלד עס וועט ערוויילט ווערען א פאר סאציאליסטען אזוי

ווערט די מענשהייט גערעטעט. אט אזוי, האט דער „פארווערטס" אנומעלט געמאכט א קעסטעלע אויף דער ערשטער זייט מיט אומ־געפער פאלגענדע ווערטער: „ווער עס וויל ניט, אז זיין רענט זאל געהעכערט ווערען, זאל שטיצען דעם סאציאליסטישען קאמ־פיין". נאכמער: עס וואקסען אוים ערב א קאמפיין, ווי שוועמ־לאך נאך א רעגען, פארשידענע „אונפארטייאישע ליגס", וואס זא־גען צו דעם עולם פון כל טוב, אבי מען זאל נאר ערוויילען די פער־זאנען, וועלכע זיי שטעלען ארוים. ס'פארשטייט זיך. אז אט די אלע פארטייען, און „ליגס", באנוצען זיך מיט דער יקרות און רענט פראגע, כדי ארייננצוקריגען דעם בירגער אויף זייער זייט. דאס איז דעמאגאגיע פון'ם ערגסטען סארט און געמיינע אוואנטיורעס.

יעדע פארטיי האט איצט געמאכט דעם יקרות פראבלעם פאר איר הויפט „אישיו". אלע טענה'ן, אז מען מוז געגוי אונטערזוכען, אז די לאגע איז זייער ערנסט, אז מיטלען, שטרענגע מיטלען מו־זען אנגעווענדעט ווערען געגען דעם יקרות. אבער דער וואס איז עטוואס באקאנט מיט די „אישיום" און מעטאדען פון די אמערי־קאנער פאליטישענס, וועט געוויס אייגזען, אז דער גאנצער יקרות פראבלעם ווערט אויסגענוצט פאר פאליטישע צוועקען פון די פא־ליטישע פארטייען.

דעם 8טען אויגוסט, 1920, האט פרעז. ווילסאן, אין זיין רעדע בעפאר דעם קאנגרעס ערקלערט, אז די רעגירונג ווייסט פון אייניגע וויכטיגע אורזאכען פון דעם יקרות, אז זי ווייסט ווי אזוי צו בא־קעמפען אים. מיט אנדערע ווערטער, אז די רעגירונג — לויט פרעזידענט ווילסאן — האט געוואוסט וועגען די מיטלען און האט געהאט די מיטלען צו באקעמפען דעם יקרות. טא פארוואס זשע לאזט מען דאס פאלק זיך ראנגלען אין די נעגעל פון די פראפיטי־רער? פאר וואס־זשע האט די רעגירונג ביז איצטער געשוויגען און ניט אנגעווענדעט די מיטלען צו באקעמפען דעם יקרות, נאר האט גראד איצט געמאכט די יקרות פראגע פאר א „אישיו"? דער אמת איז אז די דעמאקראטישע פארטיי וויל מיט א היימישער „אישיו" צווינגען דעם רעפובליקאנער סענאט אנצונעמען דעם פרי־דענס־אפמאך מיט „דער ליג אוו ניישאנס".

אמת, איינע פון די הויפט־אורזאכען וואס דער יקרות־פראב־

לעם איז אזוי שארף אוועקגעשטעלט געווארען ביי אלע פארטייען איז דערפאר, ווייל זיי האבען מורא פאר דעם פאלק'ס צארן וואס קען אויסברעכען צוליב דעם יקרות. זיי שרעקען זיך פאר דעם „רויטען געשפענסט" וואס קען זיך אנטוויקלען אלס רעזולטאט פון דעם יקרות. די רעוואלוציעס אין רוסלאנד, דייטשלאנד, עסטרייך און אין אונגארן זיינען דאך געקומען אלס רעזולטאט פון הונגער און קעלט. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואס יעדע רעגי־רונג, וועלכע וויל באשיצען די היינטיגע געזעלשאפטליכע ארדנונג, זוכט אלערליי מיטלען צו פארמיידען אזעלכע ערשיינונגען.

פילע ליבעראלע רעפארמער האבען אויך אויפגעהויבען א גע־שריי, אז שולדיג אין דעם יקרות זיינען די טראסטען און זיי פאָ־דערען דערפאר, אז די רעגירונג זאל קאנטראלירען די טראסטען און ארויפלעגען אויף זיי גרויסע שטראפען אויב זיי טרעטען אי־בער דאס געזעץ. זיי, די ליבעראלען, ווייסען גאנץ גוט, אז די בירגער — באזונדערס די קליינבירגער — זיינען שטארק פארבי־טערט געגען די טראסטען. ביי דעם פאלק איז פאראנען דער גלוי־בען, אז דאס וואס די ביזנעס ווערען קאנטראלירט פון פארבאנדען איז א קוואל פון אלע צרות. דער אמת איז אבער, אז די טראס־טען אן און פאר זיך איז ניט קיין חסרון, נאר א מעלה. (זאל דער לעזער זיך גוט פארטראכטען וועגען דעם).

וואָרים וואס איז אייגענטליך א טראסט ?

א טראסט מיינט א פארבאנד פון פערזאנען וואס האבען זיך געשטעלט אלס אויפגאבע צו פאראייניגען און צענטראליזירען א געוויסע אינדוסטריע אדער געשעפט אונטער איין איינהייטליכען קאנטראל. אין אנדערע ווערטער: דער טראסט שאפט אפ די קליינע, צעפיצעלטע אינדוסטריען און געשעפטען, נאר קאנצענ־טרירט זיי אויף א גרויסען מאסשטאב און פלאנמעסיג. פון אזא סיסטעם געווינט, פארשטייט זיך, דאס גאנצע פאלק, ווייל א אינ־דוסטריע אדער געשעפט וואס ווערט געפירט אויף א גרויסען מאס־שטאב איז מער פראדוקטיוו און שפארט איין פיל אומזיסטיגע אר־בייט. די צרה איז נאר וואס **דער קאנטראל איבער די טראסטען ליגט אין די הענד פון'ם גאנצען קאפיטאליסטישען גע־**

זינדעל. וואס האט אין זינען בלויז זייערע אייגענע נוצען צו אנזאמלען וואס מער פראפיטען. איבריגענס, האלטען מיר, אז די געזעצען און שטראפען געגען די טראסטען קענען גאר ניט אויפטאן, ווייל אין קיין לאנד אין דער וועלט איז ניט פאראנען אזוי פיל געזעצע געגען טראסטען ווי אין די פאראייניגטע שטאאטען, און אין קיין לאנד זיינען די טראסטען ניט אזוי מעכטיג און פריי ווי אין די פאראייניגטע שטאאטען.

עס איז דארום קלאר, אז דער גאנצער קאמפיין געגען יקרות וועט געפירט, סיי מצד דער רעגירונג, סיי מצד די סאציאל־רעפארמער און געלע סאציאליסטען, וועט ניט האבען קיין ברעקעל ממשות און וועט ווייניג וואס העלפען צו פארקלענערען דעם יקרות. און אויב אפילו דער קאנגרעס וועט אננעמען אלע רעקאמענדאציעס, וועט עס אויך ניט זיין מער ווי פאליאטיווען, געלייגט לאטעס אויף אן אלטען בגד און ברענגען אומבאדייטענדע רעזולטאטען.

מען דארף געדענקען, אז דער רוקען־ביין פון דער היינטיגער געזעלשאפטליכער סיסטעם איז רענט, דיווידענד און פראפיט און א קאמף געגען דעם יקרות מוז דאריבער זיין א קאמף געגען פראפיטירונג, געגען דעם גאנצען סיסטעם פון פריוואט־אייגענטום. נו, איז די רעגירונג, אדער די סאציאל־רעפארמער, גרייט צו קעמפען געגען דעם סיסטעם פון דער היינטיגער געזעלשאפט?

אין יאר 1917, באווייזט פראפעסאר סקאט ניערינג, האבען ווייניגער פון פינף פראצענט פון דער באפעלקערונג ארייגנעקראגען איינקונפט־שטייער $4,469,901,354 פאר רענט, פראפיט און דיווידענדען, וואס ליגט אלס א שווערע לאסט אויף די פראדוקטען פון די ארבייטער פראדוצירער.

דעם גאנצען טאראראם און טומעל, וואס די פאליטישע פארטייען און געזעלשאפטליכע ארגאניזאציעס האבען אויפגעהויבען צו באקעמפען דעם יקרות, זיינען ניט מער ווי א' מיטעל אפצולענקען דעם פאלק'ס צארן אויף אנדערע וועגען. די בורזשואזיע האט דערשמעקט, אז די אומצופרידענהייט פון די מאסען וואקסט פון טאג צו טאג; אז די מאסען האבען געקראגען א גלויבען אין זיך

זעלבסט און נעמען איבעראל דעם שיקזאל אין די אייגענע הענט אריין; אז עס דראעט א געפאר דער גאנצער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, האבען די פאליטישענס און סאציאל רעפארמער ארויסגעשלעפט פון זייער באגאזש א גאנצען פאק מיט געפליגעלטע פראזען און שיינע ווערטער וואו מען פארשפרעכט כלומרשט די מאסען אלדאס גוטס.

# צו דער פראגע וועגן נאַציאָנאַליזירען די אייזענבאנען און אַנדערע אינדוסטריען*)

נאך קיינמאל אין דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער אר־בייטער־באוועגונג האט א פאדערונג אדער א פלאן פון א יוניאן ארויסגערופען אזא גוואלדיגען אינטערעס סיי מצד די אנהענגער, סיי מצד די געגנער ר פלאן, ווי דער פלאם פלאן פון די אייזענ־באן־ארבייטער.

וועגען דעם פלאם־פלאן רעדען מיט ניפט אי די טראסט־מאג־נאטען מיט זייער פארקויפטער בורזשואזער פרעסע, אי זייערע פאליטישע אדוואקאטען אין קאנגרעס. זיי רופען אן דעם פלאן די רעוואלוציאנערסטע טאט, דעם אנזאג פון סאוועטיזם אין אמעריקא, רחמנא לצלן. פון דער צווייטער זייט ווערט דער דאזי־גער פלאן געלויבט ביז'ן הימעל אריין און באזונגען פון די יוניאן־טוער פון דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר, פון די סאציא־ליסטען אפארטוניסטען און גלאט צעשוואומענע ראדיקאלען.

מיר ווילען פרובירען אנאליזירען דעם גאנצען פלאם־פלאן און זען צו ער האט טאקע באמת א גרויסע באדייטונג פאר די היגע ארבייטער.

ביז איצט פלעגען די היגע ארבייטער פאדערען און סטרייקען בלויז פאר העכערע שכירות און קירצערע שטונדען. זיי, די אר־בייטער, פלעגען ניט וואגען ארויסצושטעלען קיין גרעסערע פא־דערונג ווי אריינצוקריגען נאך אביסעל לינזען. זיי האבען אבער פלוצלונג געכאפט זיך, אז זיי געפינען זיך אין א פאר'כשופ'טען קרייז, אז אלע זייערע זיגען און קאמפען ארויסצורייסען נאך א פאר דאלאר פונ'ם באלעבאס ווערען שנעל צערונען, ווען זיי גייען

*) ערשינען אין „קאמף", 19טען סעפטעמבער, 1919.

זיך איינשאפּען די נויטיגע לעבענס־מיטלען פאַר זייער געברויך. און אַלע געווינסען ווערען צו גאָר נישט, ווייל דאָס איז אַ מין לעכערדיגער זאַך, און ווער שמועסט נאָך איצט, ווען דער יקרות שטייגט פּשוט פון מינוט צו מינוט. באַזונדערס האָט די גאַנצע יקרות־פראַגע געפּרעסט ווי אַ שווערער שטיין די „אַריסטאָקראַ־טיע" פון די אַרבייטער — די אייזענבאַן־אַרבייטער, וועלכע בילדען אַ גאַנצע ביוראָקראַטיע און האָבען אַ גאַנץ הויכען „סטאַנדאַרד אָוו ליווינג", נו, זיינען זיי געקומען צום שלוס, אַז די געוויינליכע פאָדערונגען פון די אַרבייטער פאַר העכערע שכירות קענען שוין היינט ניט זיין קיין תרופה צו דעם שטייגענדען יקרות און האָבען באַשאַפען דעם פּלאַם־פּלאַן.

מיר וועלען צו אַלער ערשט קלאָר מאַכען וואָס איז אַזוינס דער פּלאַם־פּלאַן.

ה' גלען ע. פּלאַם, דער פאַרפאַסער פון דעם פּלאַן, איז זיין גאַנץ לעבען געווען פאַרבונדען מיט די באַנען. פריער אַלס אייג־פאַכער אַרבייטער, שפּעטער אַלס אַן אייזענבאַן יוניאַן טוער, און נאָך שפּעטער אַלס אַן אייזענבאַן יוניאַן־אַדוואָקאַט. ער האָט אָנגע־וויזען, קודם כל, אויף דעם קריטישען צושטאַנד פון די אייזענ־באַנען. ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז כל־זמן די באַנען וועלען גע־הערען צו פּריוואַט־קאָמפּאַניעס און וועלען פאַרוואַלטעט ווערען פאַר פּראָפיט, וועלען די אייזענבאַן־אַרבייטער קיינמאָל ניט קע־נען קיין לעבען מאַכען און דער יקרות אויף לעבענס־מיטלען וועט קיינמאָל ניט קענען באַזייטיגט ווערען. ער האָט געזאַמעלט באַ־ווייזען, אַז אין די צוואַנציג ביליאָן דאָלער, אויף וועלכע די באַנען מוזען צאָלען פּראָצענטען און דיווידענדס, זיינען אַכט ביליאָן „וואַ־סער". ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז וואָל סטריט האָט ביז איצט פּשוט באַרויבט, באַ'גנב'עט דאָס אייגענטום פון פילע באַן־קאָמ־פּאַניעס און דערנאָך די באַן־קאָמפּאַניעס אַריינגעוואָרפען אין באַנקראָט.

די אייזענבאַנען שטייען איצט אונטער דעם קאָנטראָל פון דער רעגירונג. די רעגירונג לייגט צו צו זיי הונדערטער מיליאָנען אַ יאָר. אומקערען די באַנען צו די פּריוואַט־קאָמפּאַניעס אין זייער איצטיגען צושטאַנד איז אוממעגליך, ווייל דאָס וועט הייסען צווינ־

גען די קאָמפּאַניעס זיך גלייך צו ערקלערען באַנקראָט. די רעגי־רונג מוז אין אַזאַ פאַל די קאָמפּאַניעס ארויסהעלפען, ענטוועדער מיט ביליאָנען דאָלאַרס מתנות, הלואות, אָדער מיט אַן ערלויבניש צו העכערען די פּרייזען אויף פראַכט און אויף פּאַסאַזשיר־טי־קעטס. (בילעטען). דאָס הייסט, אַז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק מוז איינפּאַך ווערען פאַרשקלאַפט פון די אייזענבאַן־מאַגנאַטען, זיי צאָ־לען יערליכע צינזען.

אַז די רעגירונג זאָל איבערנעמען די אייזענבאַנען און זיי אַליין פאַרוואַלטען, איז לויט זיין מיינונג, אויך ניט קיין לייזונג צו דעם פּראָבלעם. ערשטענס, האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז די רע־גירונג איז פּשוט ניט פעאיג זיי צו פאַרוואַלטען און איר פאַר־וואַלטונג האָט זיך טאַקע געענדיגט מיט אַ דורכפאַל; צווייטענס, איז שטענדיג דאָ אַ געפאַר, אַז די רעגירונג זאָל די דאָזיגע ריזיגע מאַכט אויסנוצען פאַר אירע פּאָליטישע צוועקען.

ארויסגייענדיג פון דעם שטאַנדפּונקט, לייגט דער פּלאַם־פּלאַן פאָר פאָלגענדעס:

1. די רעגירונג זאָל אָפּקויפען די אייזענבאַנען און זאָל פאַר זיי באַצאָלען ניט די צוואַנציג ביליאָן פון זייער „אָפיציעלען" ווערט, נאָר בלויז די צוועלף ביליאָן, וואָס זיינען ווירקליך אין זיי אריינגעלייגט געוואָרען.

2. עס זאָל געשאַפען ווערען אַ באָרד אָוו דירעקטאָרס פון פופצען מיטגלידער: פינף זאָלען באַשטימט ווערען פון פּרעזידענט אַלס פאָרשטייער פון פאָלק; פינף זאָלען ערוויילט ווערען פון די העכערע אַנגעשטעלטע אויף די באַנען, די מענעדזשערס, די קאָנ־טראָר־מענשען, און פינף זאָלען ערוויילט ווערען פון די אייזענבאַן־ארבייטער. די דאָזיגע פופצענער קאָמיטע דאַרף פאַרוואַלטען די אייזענבאַנען.

3. די ריינע פּראָפיטען זאָלען צעטיילט ווערען העלפט אויף העלפט צו די ארבייטער און צום שטאַט. אָבער די העלפט פון שטאַט טאָר ניט איבערשטייגען אַ געוויסען גרענעץ — פינף פּראָ־צענט פון דער אַלגעמיינער איינגאַמע — און אויב זיי שטייגען אריבער דעם דאָזיגען גרענעץ, גייט דער פּראָפיט צוריק אריבער צו דער באַפעלקערונג; די פראַכט און רייזע־קאָסטען ווערען רע־

דוצירט אויף אזוי פיל, אויף וויפיל דער פראפיט פון דער רעגי־רונג שטייגט איבער די אנגעצייכענטע פינף פראצענט.

אט דאס זיינען די פונדאמענטאלע פונקטען פון דעם פלאם־פלאן.

ווי זשע דארפען זיך פארהאלטען צו דעם פלאן פון נאציא־נאליזירען די אינדוסטריען אין אלגעמיין און צו דעם פלאם־פלאן באזונדערס, די רעוואלוציאנערע סאציאליסטען?

די באוועגונג צו נאציאנאליזירען די אינדוסטריען איז אם שטארקסטען אין ענגלאנד. גלייך נאכ'ן קריג איז אין ענגלאנד אנגעגאנגען א שטארקע אגיטאציע צו נאציאנאליזירען די אינדוס־טריען. און צוליב דעם צוועק האבען זיך פאראייניגט די סאמע שטארקסטע דריי ענגלישע טרייד יוניאנס — די טראנספארט אר־בייטער, די קוילען־גרעבער און די אייזענבאן־ארבייטער („טריפל עלייענס"), וועלכע זיינען דער שטארקסטער נערוו אינ'ם איצטי־גען אינדוסטריעלען לעבען, און אין דער ענגלישער אונטערשטער פאלאטע (פארלאמענט) איז אנגעגאנגען אזא הייסע דעבאטע מכח דער פראגע, אז עס האט אזש געהאלטען ביי א קריזים אין ענג־לישען מיניסטארען־קאבינעט.

ענליכעס צו ענגלאנד באמערקען מיר איצט אין די פאראיי־ניגטע שטאטען. אויך דא זיינען די אייזענבאן־ארבייטער ארויס מיט דער פאדערונג פון נאציאנאליזאציע. און ווי עס גייט א קלאנג, פאדערען אויך די היגע קוילען־מיינערס צו נאציאנאליזירען די מיינס. מען מוז אבער זאגען, אז דער פלאם־פלאן פון די היגע ארבייטער, וואס מיר האבען אויבען געבראכט, גייט פיל ווייטער ווי די פאדערונג פון די ענגלישע ארבייטער צו נאציאנאליזירען די אינדוסטריען. די היגע ארבייטער פאדערען ניט בלויז נאציאנא־ליזאציע, נאר, אזוי צו זאגען, אויך אן ארבייטער־קאנטראל איבער דער אינדוסטריע.

די אפארטוניסטען סאציאליסטען און צענטריסטען זעען אין דער פארמע פון נאציאנאליזירען די אינדוסטריען א שריט נענטער צום סאציאליזם. די רעוואלוציאנערע מארקסיסטען זאגען, אז די נאציאנאליזירונג פון אן אינדוסטריע אדער עטליכע אינדוסטריען איז ניט קיין אנדער זאך ווי שטאט־סאציאליזם און האט ניט קיין

שום שייכות צו דער רעוואָלוציאָנערער איבערקערעניש פונ'ם איצ־טיגען געזעלשאַפטליכען לעבען, וואָס זיי פּרעדיגען. די אַפּאַרטו־ניסטען־סאָציאַליסטען האָבען ליב צו געברויכען ציטאַטען פון מאַרקס'ן און ענגעלס'ן צו באַווייזען, אַז זיי, די פאַטערס פון קאָ־מוניזם, זיינען פאַר שטאַט־סאָציאַליזם. אָבער דאָ, מילד גערעדט, פאַרדרייען זיי די פאַקטען. מאַרקס און ענגעלס האָבען אין פאַר־לויף פון זייער גאַנצען לעבען שטאַרק באַקעמפּט דעם שטאַט־סאָ־ציאַליזם. עס איז גענוג צו דערמאָנען זייער פּאָלעמיקע מיט דעם באַוואוסטען שטאַט־סאָציאַליסט פון דייטשלאַנד ראָדבערטוס'ן, און דעם שטאַרקען קאַמף וואָס זיי האָבען געפירט געגען לאַסאַל'ן.

די רעפאָרמער־סאָציאַליסטען מכל המינים סטאַרען זיך צו באַווייזען, אַז מאַרקס און ענגעלס זיינען ניט געווען קיין געגנער פון שטאַט־סאָציאַליזם און לייגען אריין זייערע געדאַנקען אין דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט". אין „קאָמוניסטישען מאַניפעסט"*) ווערט געזאָגט:

„מיר האָבען שוין אויבען געזאָגט, אַז דער ערשטער טריט אין דער אַרבייטער־רעוואָלוציע איז צו דערהויבען דעם פּראָלעטאַריאַט צו דער שטופע פון אַ הערשענדען קלאַס, צו געווינען דעם קאַמף פאַר אַ דעמאָקראַטישע אָרדנונג.

„דער פּראָלעטאַריאַט וועט באַנוצען זיין פּאָליטישע הער־שאַפט דערצו, כדי ביסלעכווייז אַרויסצורייסען דעם גאַנצען קאַפּי־טאַל פון דער בורזשואַזיע, צו קאָנצענטרירען אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין די הענט פון דער מלוכה, ד. ה. אין די הענט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אָרגאַניזירט אַלס אַ הערשענדער קלאַס, און צו פאַרמערען אַזוי שנעל ווי מעגליך די מאַסע פון די פּראָדוק־ציאָנס־קרעפטען.

„דאָס קען, פאַרשטייט זיך, צוערשט דערגרייכט ווערען נאָר דורך אַ דעספּאָטישער אריינמישונג אין דעם אייגענטומס־רעכט און אין די בורזשואַזע פּראָדוקציאָנס־פאַרהעלטניסע, דורך אַזעלכע

*) זע „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט" פון קאַרל מאַרקס און ענ־געלס זייט 34, פאַרלאַג „קאַמף".

מיטלען, הייסט עס, וועלכע קענען אויסווייזען צו זיין פון עקאנאָמישען שטאַנדפונקט ניט גענוגענד און ניט ווירקזאַם, נאָר וועלכע וועלען אָבער אין פאַרלויף פון דער באַוועגונג זיך אַליין אַריבערוואַקסען און וועלען אומפאַרמיידליך מוזען ברייננגען צו דער איבערקערעניש פון דער גאַנצער פראַדוקציאַנס־פאָרם.

„די דאָזיגע מיטלען וועלען, פאַרשטייט זיך, זיין פאַרשידען אין פאַרשידענע לענדער.

„אין פראַגרעסיווע לענדער וועלען פונדעסטוועגען קענען אָנגעווענדעט ווערען פאָלגענדע מיטלען"...

דערנאָך גייט א גאַנצע רייע פאָדערונגען פון נאַציאָנאַליזאַציע און צווישען זיי איז אויך פאַראַן די פאָדערונג פון „צענטראַליזירען די טראַנספּאָרט־מיטלען אין די הענט פון דער מלוכה".

אין פלוג דוכט זיך, אַז מאַרקס און ענגעלס האָבען טאָקע גע־האַלטען פון נאַציאָנאַליזירען די אינדוסטריען אַלס אַ מיטעל צו פאַרווירקליכען דעם סאָציאַליזם. מען דאַרף אָבער בלויז אַריינטראַכטען זיך אין די געדאַנקען פון די אויבען־דערמאָנטע ציטאַטען, אום צו פאַרשטיין אַז אַלע פאָדערונגען, וואָס ווערען דערמאָנט אין „קאָמוניסטישען מאַניפעסט" באַציען זיך צום איבערגאַנג־פּעריאָד פון קאַפּיטאַליזם צום קאָמוניזם. דאָס הייסט, צו דעם פּעריאָד, וואָס מאַרקס רופט אָן אין זיין ווייטערדיגער אַרבייט: דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. און ווי מען זאָל ניט פּרובירען אויס׳פּלפּול׳ן די לערע פון מאַרקס׳ן בנוגע צו דער פראַגע, קען מען באַין אופן ניט פון די אויבען־געבראַכטע ציטאַטען קומען צום אויספיר, אַז מאַרקס איז געשטאַנען פאַר נאַציאָנאַליזאַציע אין די ראַמען פון דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. דאָס וואָלט געווען געגען דעם גאַנצען גייסט פון זיין לערע.

אום מער צו באַווייזען, ווי מאַרקס איז געשטאַנען בנוגע צו דער פראַגע וועגען נאַציאָנאַליזאַציע, וועלען מיר ברייננגען אַ בריף, וואָס מאַרקס האָט געשריבען צו זאָרגע, דעם סעקרעטאַר פון׳ם ערשטען אינטערנאַציאָנאַל. דער בריף איז געווען געדרוקט אין דער דייטשער סאָציאַליסטישער וואָכענבלאַט „נייע צייט", אַלס

אַז ענטפער אויף אַ בריף, וואָס זאָרגע האָט געשריבען צו מאַרקס'ן. צווישען אַנדערעס זאָגט ער דאָרט פאָלגענדעס:

„איך האָב ערהאַלטען די צוויי ביכער פון הענרי דזשאָרדזש*) זיין דאָגמאַ, וואָס ענדיגט זיך מיט דעם, אַז אַלעס וואָלט געווען אין אָרדנונג, ווען די רעגירונג זאָל צונעמען די ערד־רענטע פאַר זיך, וועסטו געפינען אַן ענליכע פאָדערונג אין קאָמוניסטישען מאַניפעסט, אַלס איינע פון די מיטלען אין'ם איבערגאַנגס־פעריאָד.

„זיי (די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטען) האַלטען ניט פאַר נויטיג איבערצונעמען די גאַנצע איצטיגע קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג. זיי ווילען בלויז אָפּנאַרען זיך און די גאַנצע וועלט, אַז מיט איבערגעבען די מלוכה די ערד־רענטע אין דער פאָרמע פון נאַלאָגען וועט פון זיך זעלבסט איבערגעביטען ווערען דער גאַנצער קאַפּיטאַליזם. די דאָזיגע מיטלען זיינען אַ פאַרמאַסקירטער סאָציאַליזם, כדי צו ראַטעווען די קאַפּיטאַליסטישע הערשאַפט און פאַקטיש אָוועקשטעלען זי אויף אַ ברייטערען מאַסשטאַב...

„ווי מיר האָבען שוין פריער אָנגעמערקט, האָבען מיר אויך אַריינגעשטעלט די פאָדערונג פון עקספּראָפּריאירען די ערד־רענטע פאַר דער מלוכה, ווי אויך אַלע אַנדערע פאָדערונגען אַלס מיטלען אין'ם איבערגאַנגס־פעריאָד, וואָס עס ווערט געזאָגט אין קאָמוניסטישען מאַניפעסט.“

די דאָזיגע ציטאַטען פון מאַרקס'ן נעמען אָוועק יעדען צווייפעל, אַז אַלע פאָדערונגען, וואָס ווערען אָנגעוויזען אין „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“, באַציען זיך אויף דעם איבערגאַנגס־צושטאַנד, דאָס הייסט, אין פעריאָד פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

---

*) הענרי דזשאָרדזש, דער פירער פון דער סינגעל־טעקס באַוועגונג און לידער פון דער פּאָפּוליסטישער פּאַרטיי אין אַמעריקאַ, וואָס האָט געפּרעדיגט די נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד אַלס אַ מיטעל אָפּצושאַפען אָרימקייט.

פילע סאציאליסטען האלטען די פאדערונג פון נאציאנאליזירען די אייזענבאנען און די קוילען מינען אלס א שריט פארווערטס צו אונזער ענטציל. די רעוואלוציאנערע סאציאליסטען דיינקען, אז זיי מאכען א פעלער.

פארשטייט זיך, אז די קאמוניסטען זיינען ניט קיין געגנער פון נאציאנאליזירען אינדוסטריען. די פאסט, שולען, אייזענבאנען, טעלעגראפען, טעלעפאנען און פילע אינדוסטריען זיינען שוין פון לאנג אן אין פילע לענדער נאציאנאליזירט, אבער דאס מיינט ניט, אז יעדע נאציאנאליזאציע פון א געוויסער עקאנאמישער פונקציע, אדער אן אינדוסטריע, איז שוין א שריט צו דער קאמוניסטי־שער געזעלשאפט. און מען דארף נאך זען, אז דער שטאט זאל נאציאנאליזירען אלע אינדוסטריען און מיר וועלען אזויערנאך ביסלעכווייז ארייגוואקסען אין דער קאמוניסטישער געזעלשאפט.

אט דער שטאנדפונקט, וועלכער ווערט געפריידיגט פון די שטאט־סאציאליסטען, נעמט זיך פון זייער ניט פארשטיין די פונק־ציעס פון שטאט. דער איצטיגער שטאט איז פריער פון אלעס א געווער אין די הענט פון'ם הערשענדען קלאס. דער שטאט נעמט אויף זיך אמאל די אויפגאבע צו טאן א געוויסע זאך, וואס ברייגנט נוצען דער אלגעמיינער געזעלשאפט, ווייל אויב עס וועט ניט גע־טאן ווערען, דראט א געפאר דער גאנצער געזעלשאפט, און דאס מיינט פריער פון אלעמען — דעם הערשענדען קלאס. דער שטאט וועט אבער קיינמאל ניט נעמען אויף זיך די אויפגאבע צו ערפי־לען אזא מין פונקציע, וואס איז שעדליך פאר'ן קאפיטאליסטישען קלאס, אדער מיט'ן ציל צו פארניכטען דעם קאפיטאליזם.

און אז די ארבייטער פון א נאציאנאליזירטער אינדוסטריע זיינען נאך ניט אין גן־עדן, קענען דינען פאר א ביישפיל די פאסט־אנגעשטעלטע פון'ם היגען לאנד. זיי, די פאסט־אנגעשטעלטע, ווערען מער אונטערדריקט ווי די ארבייטער פון א פריוואט אינ־דוסטריע. זיי איז ניט ערלויבט צו ארגאניזירען זיך און קעמפען פאר בעסערע עקאנאמישע באדינגונגען. זיי מוזען זיין קנעכט פון שטאט. און דער שטאט נוצט זיי אויס אלס א פאליטישע מאכט. און אויב די קנעכט פון שטאט פרובירען אמאל קעמפען פאר בע־

סערע באַדינגונגען, ווערען זיי אַרויסגעטריבען פון זייערע שטעלעס, ווי פאַררעטער.

דאָס אונטערדריקונג פון די אַרבייטער אין די נאַציאָנאַלי־זירטע אינדוסטריען קומט פאָר אין אַלע לענדער. דערפאַר ווילען די אַרבייטער בעסער אַרבייטען פאַר פּריוואַט־אונטערנעמונגען און ניט ביים שטאַט, ווייל אין אַ פּריוואַט־אונטערנעמונג קען זיך דער אַרבייטער כאָטש וויפיל ניט איז באַנוצען זיך מיט די זאַגענאַנטע פרייהייטען פון דער הייגטיגער אָרדנונג, אָבער דער שטאַט ווייס שוין ווי צו ספּראַווען זיך מיט די „רעוואָלוציאָנערען" מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון געזעץ.

פילע שטאַט־סאָציאַליסטען מאַכען אַ־אַ מין סאָפיזם : אמת — טענה'ן זיי, — די נאַציאָנאַליזאַציע פון די אינדוסטריען ביי דעם איצטיגען בורזשואַזנעם שטאַט קען ניט ברייגגען די גאולה פאַר די אַרבייטער, אָבער דער פּלאַם־פּלאַן האָט אין זיך די מעלה וואָס ער האָט זיך באַוואָרענט און אַריינגעשלעפּט אַ פּונקט וואָס גיט אַ רעכט די אַרבייטער צו קאָנטראָלירען די אינדוסטריע, פאָדערנדיג אַז די אַרבייטער זאָלען זיין פאַרטראָטען אין דער באָארד אָוו די־רעקטאָרס. „אָט דאָ ליגט דער הונט באַגראָבען", ווי זאָגט דער דייטש. ווי מיר האָבען שוין אויבען דערמאָנט באַשטייט די באָארד אָוו דירעקטאָרס פון פופצען מיטגלידער, וועלכע ווערען איינגע־טיילט אין פאָלגענדע טיילען : פינף ווערען באַשטימט פון פּרעזי־דענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען (פאַרשטייט זיך, אַז ער וועט ניט באַשטימען קיין אַרבייטער) ; פינף זאָלען ערוויילט ווערען פון די העכערע אָנגעשטעלטע אויף די אייזענבאַנען, ווי מענעדזשערס, קאָנטאָר־מענשען, א. ד. גל., און די גרויסע מיליאָנדיגע מאַסע אייזענבאַן אַרבייטער האָבען אויך אַ רעכט צו ערוויילען גאַנצע פינף מיטגלידער אין דער באָארד אָוו דירעקטאָרס. ס'איז זעלבסטפאַר־שטענדליך, אַז די פינף פאַרשטייער פון די אַרבייטער, וועלכע בילדען אַ דריטעל, וועלען אין דער באָארד אָוו דירעקטאָרס גאָר ניט קענען אויפטאָן.

עס איז פאַראַן נאָך אַ קאָנסערוואַטיווער שטריך אין דעם פּלאַם־פּלאַן פון דער אייזענבאַן־פאַרוואַלטונג וואָס האָט אין זיך אַ טייפעלשע כונה. דאָס איז דער פּראָפיטען אינטערעס פון דעם

איינצעלנעם ארבייטער. די ארבייטער קריגען א געוויסען פּראָפיט פון דער אינדוסטריע אַלס אייגענטימער. מיט אַנדערע ווערטער, מען גיט דעם ארבייטער אין סוף יאר „א באָנוס" (מתנה), אַלס זיין חלק פּראָפיט פאר'ן יאר, כדי צו מאַכען אים אויפמערקזאַמער, פלייסיגער און פאַראינטערעסירטער אין דער ארבייט.

איצט וועלען מיר זען וואָס פאר א מיטלען זיינען די באַשאפער פונ'ם פּלאַן גרייט צו באנוצען אום די דאָזיגע פאָדערונג דורכצופירען? ווי אזוי פּלאַנעווען זיי צו צווינגען די רעגירונג פון לאַנד דעם פּלאַם־פּלאַן אנצונעמען?

אַט וואָס דער וואַשינגטאָנער קאָרעספּאָנדענט ה' ב. מיימאַן שרייבט אין „פאָרטשריט"*) נאָכדעם ווי דער אויבענדערמאַנטער קאָרעספּאָנדענט האט געהאַט א געשפּרעך מיט די פירער און פאָרשטייער פון פּלאַם־פּלאַן.

„איבערגעבענדיג בקיצור זייער אקציאָנס־פּלאַן, איז ער ווי פאָלגט:

„עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען א פּלאַם־פּלאַן ליג". די אויפגאַבע פון דער דאָזיגער ליג איז צו מאַכען דעם פּלאַם־פּלאַן צו נאַציאָנאַליזירען די אייזענבאַנען אזוי פּאָפּולער ווי מעגליך. פאר דעם צוועק וועט די ליג זוכען צו קריגען איבער'ן גאַנצען לאַנד א מיליאָן מיטגלידער. יעדער מיטגליד וועט צאָלען א דאָלער א יאר און די ליג וועט האָבען א מיליאָן דאָלער א יאָר אנצופירען איר קאמפּיין. גאַנצע אָרגאַניזאַציאָנען וועלען אויך קענען ווערען מיטגלידער אין דער דאָזיגער ליג און צאָלען צו צען דאָלער א יאר דיוס. ווען די ליג וועט האָבען אזוי פיל מיטגלידער וועט זי זיך ארויסלאָזען אין פּאָליטישע קאמפּיינס און זוכען צו ערוויילען פּאָליטישענס וואָס וועלען זיך פּאַרפּליכטען צו שטימען אין קאָנגרעס פאר דעם פּלאַם־פּלאַן. און אויף דעם אופן וועט מען זוכען צו ערוויילען א קאָנגרעס, וואָס וועט זיין פריינדליך צו דעם פּלאַן פון נאַציאָנאַליזירונג פון די אייזענבאַנען.

---

*) זע „פאָרטשריט", אָרגאַן פון די אמאלגאַמייטעד, 29טען אויגוסט, 1919.

„אויך אַן אַנדער מיטעל וועט באַנוצט ווערן. אַזוי ווי די אַגיטאַציע פאַר דעם פּלאַם־פּלאַן וועט זיין אַ שטאַרקע און אַזוי ווי די ליג וועט האָבען, ווי די פירער ערוואַרטען, אַ מיליאָן מיטגלידער, וועט מען קומען צו די נאַציאָנאַלע קאָנווענשאַנס פון די אַלטע פּאַרטייען און פון זיי פאָדערען דעם דאָזיגען פּלאַן אריינצונעמען אין זייער פּלאַטפּאָרמע. אויף דעם אופן וועט די פראַגע ווערען אַ „נאַציאָנאַלער לאָזונג“ אין די וואַל־קאַמפּיינס, און דאָס פאָלק וועט אויסקלייבען אַזאַ רעגירונג, וואָס וועט דאָזיגען פּלאַן איינ־פירען“.

אַך, ווי נאַריש און אומזיניג זייער „פּלאַן און עקשאָן“ איז. מיר זעען דאָ פאַר זיך דעם אַלטען, אָפּגעלעבטען אַרבייטער פּאָלי־טישען, וואָס קריכט אויף אַלע פיר פאַר׳ן פּריץ אין די לאָבי׳ס, בעטענדיג אַ שטיקעל רעפאָרמע פאַר זיינע „ברידער אַרבייטאַרער“. קיין ברעקעל זעלבסט איניציאַטיווע, קיין סימן פון זעלבסט אַק־ציאָן. אפילו ניט אַ סטראַשע גענטאָן, אַז דער אַרבייטער־קלאַס קען קעמפען פאַר זיינע פאָדערונגען און באַנוצען זיך מיט זיין מעכטיגער וואָפע — דער גענעראַל סטרייק. נאַר נידריג און קרי־כעריש זיינען די מעטאָדען פון די פירערס בנוגע צו דער דורכפי־רונג דעם פּלאַם־פּלאַן אין לעבען.

ניט אומזיסט פאַלט אריין אין אַ פּעסימיסטישען טאָן אפילו דער אויבענדערמאָנטער קאָרעספּאָנדענט, וועלכער איז ווייט פון דער קאָמוניסטישער אידייע, און ענדיגט מיט די ווערטער:

„ווען איר דערהערט דעם דאָזיגען פּלאַן (מיטלען?), ווערט אייך קאַלעמוטנע אויף׳ן האַרצען. דאָס זיינען אַלץ אויסגעדראָ־שענע מיטלען, דורך וועלכע אַ סך אונטערנעמונגען זיינען באַ־גראָבען געוואָרען.“

מען מוז אָבער זאָגען, אַז איין גוטע זאַך האָט דער פּלאַם־פּלאַן יאָ אויפגעטאָן. ער מאַכט צו דענקען די אַרבייטער, אַז „סאַמטינג ז׳ראָנג“, — עפּעס איז צרה׳דיג אין דער היינטיגער געזעלשאַפט. דער פּלאַם־פּלאַן באַווייזט אויך, אַז די אַרבייטער זיינען שוין אַוועק פון דער מאַנטשעסטער־שול, וואו מען האָט געזוכט מיט אַלערליי דריידלעך צו באַווייזען, דאָס די רעגירונג טאָר זיך ניט אריינמישען אין פּריוואַט־אייגענטום.

די פאַדערונג פון די היגע אַרבייטער צו נאַציאָנאַליזירען די אינדוסטריעז באַווייזט אַן איבעריגס מאָל, אַז דער באָלשעוויסטי־שער „באַציל" פאַרשפּרייט זיך אַלץ מער און מער איבער דער וועלט און מאַכט אויך ניט קיין אויסנאם אַמעריקא. די אַרביי־טער אין יעדען לאַנד, זעענדיג ווי די אַרבייטער אין רוסלאַנד האַל־טען שוין עטליכענע יאָר דעם פּאָליטישען און עקאָנאָמישען מלוכה־מעכאַניזם אין זייערע הענט, ווערען ביי זיך שטייפער, האַ־פערדיגער, מוטיגער און ענערגישער. ליידער אָבער זיינען נאָך די אַרבייטער פון אַמעריקא ניט געקומען צו דעם קלאַסען־באַוואוסט־זיין ווי די אַרבייטער פון אנדערע לענדער און טאַפּען נאָך אין דער פינסטער, מיינענדיג אַז די נאַציאָנאַליזאַציע פון די אינדוסטריען אין דעם בורזשואזנעם שטאַט וועט זיי ברייננגען די ישועה.

# דער אימפּעריאַליזם און די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען

געוויינליך איז געווען אַן אָנגענומענע מיינונג ביי יעדען, אַז אַלע סאָציאַליסטען זיינען געגען אימפּעריאַליזם, געגען פאַלשען פּאַטריאָטיזם און שאָוויניזם, געגען קריג. און טאַקע, ווי גראַמט זיך, אַז סאָציאַליסטען, וועלכע פרעדיגען פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פרייהייט און גלייכהייט און שרייבען אויף זייער פאָן: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניגט אייך“, אַז זיי אליין זאָלען זיין פאַר קריג, פאַר אימפּעריאַליזם? אָבער עס איז פאַראַנען רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען, אָדער בעסער געזאָגט, קאָמוניסטען, און סאָציאַליסטען רעפאָרמיסטען. די ערשטע פאַרבינדען זייערע טאַטען מיט זייערע ווערטער און די צווייטע געברויכען בלויז די פראַזע, כדי אדורכצופירען זייערע געמיינע טאַטען. די מאַרקסיסטען קאָמוניסטען זיינען געגען קריג, וואָס ווערט געפירט פון דער בורזשואַזיע, מעג מען אים אפילו אָנרופען אַ פּאַרטיידיגונגס־מלחמה געגען דעם קאַפּיטאַליסטישען אימפּעריאַליזם. און אויב אַ קריג ברעכט יאָ אויס, איז די מיינונג פון די מאַרקסיסטען־קאָמוניסטען, צו פאַרוואַנדלען דעם קריג אין אַ רעוואָלוציע פון די אונטערדריקטע מאַסען געגען זייערע הערשער. געגען דעם נאַציאָנאַלען, פּאַטריאָטישען געפיל שטעלען זיי אַרויס די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט, די באַפרייאונג פונ'ם ארבייטער־קלאַס. די סאָציאַליסטען רעפאָרמיסטען ווידער טענה'ן, אַז זיי זיינען כלומרשט געגען אַן אַנגרייפונגס־קריג פון זייער בורזשואַזיע. און ווען אַ קריג ברעכט אויס, פאַראייניגען זיי זיך צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע און שטעלען אַרויס איינע און דיזעלבע לאָזונגען: נאַציאָנאַליזם, פּאַטריאָטיזם, הונדערט פּראָצענט אַמעריקאַניזם, א. אז. וו.

נאך אין יאר 1905 איז ערשינען א בוך פון היינדמאן, דער באוואוסטער סאציאליסטישער פירער פון ענגלאנד, וואו ער האט געזוכט צו באווייזען, אז סאציאליסטען דארפען זיין דירעקט פאר־אינטערעסירט און אונטערשטיצען דעם רויבערישען אימפעריא־ליזם פון זייער לאנד, ווארים אויב די בורזשואזיע פון זייער לאנד קריגט גוטע קאנצעסיעס און מאכט גוטע געשעפטען דורך זייער רויבערישער קאלאניאל־אימפעריאליסטישער פאליטיק, אזוי ווארפט די בורזשואזיע אויך צו א ביינדעל איר ארבייטער־קלאס. און וואס מער אימפעריאליזם פאר דער בורזשואזיע, אלץ מער וועט געניסען דער ארבייטער־קלאס.

אין יאר 1907 האבען די פריסישע סאציאליסטען געשטימט פאר'ן קאלאניאל־בודזשעט אין פריסישען לאנד־טאג און זיינען ניט אויסגעשלאסען געווארען פון דער פארטיי. אזוי האט זיך דער קאמף צווישען סאציאל־רעפארמיסטען און רעוואלוציאנערע סא־ציאליסטען געצויגען אין די רייען פון די סאציאליסטישע פארטייען גופא, ביז עס האט אויסגעבראכען די וועלט־שחיטה אין 1914, און די סאציאליסטישע פארטייען האבען זיך געשפאלטען.

ראזא לוקסענבורג און לענין האבען שטענדיג געווארענט דעם צווייטען סאציאליסטישען אינטערנאציאנאל, אז די סאציאליסטען־רעפארמיסטען וועלען זיך ניט האלטען אן די רעזאלוציעס פונ'ם צווייטען אינטערנאציאנאל בנוגע צו א מלחמה, אז דער סאציאל־פאטריאטיזם און נאציאנאל־שאוויניזם וועט גובר זיין אין זיי דעם קלאסענקאמף און אינטערנאציאנאלע אחדות. שוין יעמאלט אין יאר 1907, האבען זיי דעם אימפעריאליסטישען קריג באטראכט אלס א נאענטע מעגליכקייט, יא, אלס א ווארשיינליכקייט. און אזוי ווי קאמוניסטען רעכענען זיך שטענדיג מיט דער רעאלער ווירק־ליכקייט און „לייגען זיך קיינמאל ניט שלאפען", אפילו ווען אנ־דערע דוכט זיך אויס, אז מ'קען גאר ניט טאן, האבען זיי, לענין און לוקסענבורג, פארגעלייגט א רעזאלוציע: אויב די אימפער־יאליסטישע מלחמה וועט אויסברעכען, האבען זיי גע'טענה'ט, יע־מאלט מוזען די סאציאליסטישע פארטייען אויסנוצען דעם קריזיס פונ'ם קאפיטאליזם, בכדי אויפצומונטערן די ברייטע ארבייטער־

מאַסען, אום אָראָפּצואוואַרפען דעם יאָך פון׳ם קאַפּיטאַליזם און אוועקשטעלען די הערשאַפט פון׳ם סאָציאַליזם.

און מיר זעען טאַקע, אַז דאָס רוב פּאַרטייען פון׳ם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָבען אין שטוטגאַרט אָנגענומען די לע־ניןֿ־לוקסעמבורג רעזאָלוציע, האָבען גלייך ביים אויסברוך פון׳ם וועלט־בראַנד, פאַרלייקענט זייער אייגענעם איך און זיינען אַרי־בערגעלאָפען אין לאַגער פון די שונאים פון׳ם אַרבייטער־קלאַס.

אויך די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פירט אַ סאָ־ציאַל־פּאַרדעטערישע פּאָליטיק. וויקטאָר בערגער — און פילע אַנ־דערע זאַגענאַנטע סאָציאַליסטען — פּרעדיגען „פּריפּערעדנעס“ געגען מעקסיקאָ, ד. ה., זיי פּאַרטיידיגען דעם אַמעריקאַנער אימ־פּעריאַליזם און זיינען נאָך עד היום גאַנצע פירער אין דער היגער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. מאָרים הילקוויט האָט פּאַטעטיש אויס־געשריען אין אָלבאַני, ביים געריכט פון די אַרויסגעוואָרפענע מיט־גלידער פון דער לעדזשיסלייטשור, אַז ער וועט נעמען די ביקס אויף דער פּלייצע געגען אַן אָנפאַל פון דער רוסישער סאָוויעטען־רעגי־רונג אויף אַמעריקאָ, און הילקוויט איז דאָך דער טאָן־געבער, דער לייטענדער גייסט פון דער היגער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי!

# אַמעריקאַניזם און קאָמוניזם*)

פון יעדער פּאָליטישער פּאַרטיי, פון יעדן געזעלשאַפטלי־כען טוער, ביי יעדער וויכטיגער און אומוויכטיגער געשעעניש, הערט מען איצט אויף שריט און טריט דעם לאָזונג: — „דאָס איז הונדערט פּראָצענט אַמעריקאַניזם“. און ניט נאָר הערט מען די דאָ־זיגע ווערטער פון די פירער און טוער פון די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, ווי למשל, הארדינג האָט גלייך נאָכדעם„ ווי מען האָט איהם נאָמינירט פאַר פּרעזידענט אויף דער רעפּובליקאַנער קאָנ־ווענשאָן, געמאַכט זיין מאָטאָ: „אַמעריקאַ דאַרף זיין פאַר אַמע־ריקאַנער“, נאָר אפילו די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און אַ טייל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, שטרייכען אונטער ביי יעדער געלע־גענהייט, אַז זיי זיינען אַמעריקאַנער, (חס וחלילה ניט קיין „פרעמ־דע“), אַז זייערע האַנדלונגען און באַשטימונגען שטימען, אַזוי צו זאָגען, מיט'ן אַמעריקאַנער נייסט, און זיינען באַזונדער שטאָלץ מיט זייער געבורט אין אַמעריקאַ. נאָכמער: כמעט אַלע זאָגענאַנ־טע אַמעריקאַנער וואָס שטאָלצירען מיט זייער אַמעריקאַניזם קוקען פון אויבען אַראָפּ און זאָגאַר מיט פאַראַכטונג אויף די „פרעמדע“ אפילו אין זייערע איינענע קרייזען און פּאַרטייען. מען האָט ניט קיין צוטרויען צו די מיינונגען און לערעס וואָס די אַריבערגעקומענע האָבען אַריבערגעבראַכט אינ'ם היגען לאַנד. עה! —זאָגט מען! — דאָס שטימט ניט מיט'ן אַמעריקאַנער לעבען. דאָס איז אַ באַנטש „גרינהאָרנס“. מיט איין וואָרט: מען איז זיי מבטל.

די נאַציאָנאַלע ערוואַכונג פון אַ פאָלק איז ניט קיין נייעס אין דער אַלטער היים, אין מערב אייראָפּאַ. בפרט נאָך אין די לעצ־טע יאָרען ווען מען האָט געהאַלטען אין איין וועקען די נאַציאָנאַל־

*) ערשינען אין „קאַמף“ 16טען יולי, 1920, אונטער אַ פּסעוודאָ־נים: קל. לאַזאַראָף.

פּאַטריאָטישע געפילען. מיר ווילען דאַרום קלאָר מאַכען און אַנאַ־ליזירען, אויף וויפיל עס איז מעגליך, וועלכער נאַציאָנאַליזם איז שעדליך, לויט דעם רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט און וועלכער ניט.

## דער געזונטער און קראַנקער נאַציאָנאַליזם.

דער אַמאָליגער פּוילישער נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט געקעמפט געגען צאַריזם און אַנדערע אימפּעריעס, איז געווען פאַרשטענדליך און אין אַ געוויסען זין באַרעכטיגט, ווייל דער יעמאָלטיגער נאַציאָ־נאַליזם איז געווען דאָס ראַנגלען זיך פון אַ פאָלק וואָס לעבט און שאַפט געגען די אויסערליכע באַדינגונגען, געגען די קייטען און צאַמען, וועלכע זיינען אַ געפאַר פאַר'ן סאַמע קיום פון פאָלק, ווײ־ניגסטענס אין קולטורעלער הינזיכט. און אַפילו די עקסטרים לינקע סאָציאַליסטען, אָדער קאָסמאָפּאָליטען, וועלכע גלויבען באמונה שלימה אין דער פאַרשווינדונג פון נאַציאָנען און וואָס פאַרהאַלטען זיך נעגאַטיוו צו יעדען מין נאַציאָנאַליזם — אַפילו יענע — האָבען אויך געדולדעט און פאַרשטאַנען די סיבות פון אַזאַ סאָרט נאַציאָ־נאַליזם און זאָגאַר אַרויסגעוויזען ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען פולע סימפּאַטיע צו אים.

עס איז אָבער פאַראַן אַ נאַציאָנאַליזם וואָס ווערט פון אַ זעלבסטערהאַלטונגס־מיטעל, אַ צושטערונגס־מיטעל — אַ מיטעל ניט צו באַקעמפען דעם אויסערליכען פיינט, וואָס שטערט זיין פרייהייט און קולטורלע אַנטוויקלונג, נאָר אַ מיטעל צו אונטער־דריקען און באַקעמפען אַנדערע, וואָס געפינען זיך און לעבען מיט זיי צוזאַמען אויף איין טעריטאָריע, נאָר גייען ניט אין אַלע פּרטים מיט זיי, ווי למשל, די נעגרען אין אַמעריקא, די אידען אין פּוילען. א. ד. גל. — אַט אַזאַ מין נאַציאָנאַליזם איז נאַציאָנאַל־שאָוועניזם און דזשינגאָ־פּאַטריאָטיזם און ווערט באַצייכענט אין הויך לשון אַלס דער זאָאָלאָגישער נאַציאָנאַליזם.

דער זאָאָלאָגישער נאַציאָנאַליזם שטייט אויף דעם שטאַנד־פּונקט, אַז דער הערשענדער נאַציאָנאַליטעט קומט דאָס רעכט צו

פירען און געוועלטיגען דאס לאנד אזוי ווי איר געפעלט, אז די איבריגע נאציאנאליטעטען וואס וואוינען אינ'ם זעלביגען לאנד דאר־פען בלויז דינען אלס ווערקצייג אדער מאטעריאל איבער וועלכען מען קען טאן וואס מען וויל. דער זאאלאגישער נאציאנאליזם קוקט אויף אלע נאציאנאליטעטען, וואס געהערען ניט צו דער הערשענדער נאציאנאליטעט, ווי אויף „פרעמדע", ווי אויף פאראזיטען, וואס דארפען ניט האבען די זעלבע רעכט וועלכע זי, די הערשענדע נאציאנאליטעט, באזיצט. נאכמער: אפילו די יעניגע וואס האבען זיך אויפגעאפערט, מוסר נפש געווען פאר'ן זעלבען לאנד און זיינען די שאפענדע כוחות פון לאנד ווי אין דער פראָדוקציאן, אזוי אויך אינ'ם פאליטישען לעבען, פונדעסטוועגען דאר־פען זיי, לויט דער שיטה פון א זאאלאגישען נאציאנאליסט, באַטראכט ווערן אלס א נידריגער שיכט.

## א קאפּעטשקע געשיכטס־פילאזאפיע.

דער לעזער דארף זיך ניט דערשרעקען פאר'ן קעפּעל. מיר האבען גאר ניט בדעה דא אריינצולאזען זיך אין הויכע פילאזאפישע דרכים. מיר ווילען בלויז קלאר מאכען פון וואנען און ווי אזוי האבען זיך אויסגעבילדעט נאציאנען און די ראלען פון נאציאנען אין דעם היינטיגען קאפּיטאליסטישען שטאט.

די מאדערנע נאציאן האט זיך אנטוויקעלט פון דער פאמיליע און געמיינדע־לעבען. „פאמילע", „געמיינדע" און „נאציאן" זיי־נען בלויז פארשידענע סאציאלע לעבענס־פארמען. די ערשטע צוויי געזעלשאפטליכע פארמען האבען עקזיסטירט אין אלטערטום און אין מיטעל־אלטער. דאס לעצטע אינ'ם היינטיגען שטאט.

די ערשטע פארם פון א סאציאלען לעבען איז געווען די קליינע פאמיליע. די פאמיליע איז זיך דערנאך פאנאנדערגעוואקסען אין א געמיינדע, שפעטער אין א שבט און צום סוף אין א נאציאן.

דאס צוזאמענלעבען אין איין פאמיליע, געמיינדע, שבט און נאציאן האט נאטירליכערווייזע באשאפען און אויסגעארבייט פאר

אלע אירע מיטגלידער געמיינזאמע און אלגעמיינע אנשויאונגען, ווי שפראך, זיטען, טראדיציעס, אמנות, באגריפען, אידעען א. ד. גל.

א גאנצע רייע עקאנאמישע און היסטארישע סבות, ווי מלחמות, א. ד. גל.. — האט געבראכט דערצו, אז פארשידענע נאציאנען קומט אוים צו לעבען צוזאמען אונטער איין מלוכה־פארם, אונטער איין ממשלה. במילא קומט אוים, אז די שוואכערע נאציאנען מוזען זיך צופאסען צו די פאדערונגען, פארמען און פירונגען פון איינער א שטארקערער, הערשענדער נאציאן, וועלכע לעגט ארויף איהר שטעמפעל אויף די וויכטיגסטע געביטען פון פאליטישען און סאציאלען לעבען.

דער צוזאמענהאנג צווישען די מיטגלידער פון א געוויסע נאציאן בלייבט דאך נאך אבער גענוג פעסט, אויף וויפיל זיי קענען זיך נאך האלטען ביי זייערע אייגענע היסטארישע טראדיציעס, מנהגים, באגריפען, שפראך, קולטור און דערגלייכען.

אלזא, אונטער דעםווארט „נאציאן" ווערט היינט פארשטאנען א באשטימטע צאל מענשען פאראייניגט אונטער איין קאלעקטיוו, וואס פירט א באזונדערען פאליטישען לעבען. „נאציאנאליטעט" מיינט אזא איינהייטליכע קולטור־היסטארישע גרופע, וועלכע לעבט צוזאמען מיט אנדערע נאציאנאלע גרופען אונטער איין אלגעמיינער פאליטישער מלוכה־פארם.

עס פארשטייט זיך, אז אינ'ם היינטיגען שטאט, וואו פארשידענע נאציאנאליטעטען וואוינען אונטער איין פאליטישער ממשלה, קען איינער געהערען צו זיין נאציאנאליטעט און זיין א מיטגליד פון דער נאציאן. אזוי, למשל, קענען די דייטשען, וואס וואוינען אין עסטרייך געהערען צו דער עסטרייכישער נאציאן און באלאנגען צו דער דייטשער נאציאנאליטעט און דאס זעלבע מיט אנדערע נאציאנאליטעטען.

דערביי מוז גלייך געזאגט ווערען, אז אין יעדער נאציאן ווי אויך אין די נאציאנאליטעטען, האבען זיך אויסגעבילדעט — דורך געוויסע עקאנאמישע סבות — צוויי קלאסען, עס האבען זיך אויסגעטיילט צוויי פארשידענע געזעלשאפטליכע גרופען וואס באשטייען פון הערשענדע און באהערשענדע, רעגירענדע און רעגירטע. די הערשער האבען ארייגעכאפט די מאכט אויף אלע געביטען פון סאַ־

ציאל־עקאנאמישע און פאליטישע לעבען און באשאפען די איצ־טיגע מלוכה־פארם — דעם שטאט, מיט זיין פאליטישער הער־שאפט, וועלכער איז א ווערקצייג אין די הענט פון די מאכטהא־בער — דעם קאפיטאליסטישען קלאס — צו אונטערדריקען די ארי־מע און עקספלואטירטע.

אמת, פרינציפיעל און טעארעטיש איז אנגענומען אין אלע זאנענאנטע מאדערנע מלוכות, אז יעדער יחיד פון דער מלוכה־נאציאן, אן אונטערשיד פון גלויבען און ראסע, הייסט א בירגער, און אלע בירגער האבען גלייכע רעכט. פאקטיש קומט אבער פאר, אז באשטימטע גרופען און נאציאנאליטעטען ווערען באגרענעצט און בארויבט פון זייערע רעכט, ווי צום ביישפיל, די נעגערן אין אמעריקא, די רומענער אין טערקיי, די אידען אין רומעניען און אין פוילען. אויסער דעם איז נאך ניט איבעראל איינגעפירט דער מאדערנסטער וואל־מאדוס, וועלכער גאראנטירט פיל ווייניג די מענשען זייערע בירגערליכע רעכט.

פון דעם אלעם איז אונז, אלזא קלאר, אז דער היינטיגער שטאט נעמט אריין אין זיך א צאל נאציאנאליטעטען. אמאל האט יעדער קבוץ אדער נאציאן געבילדעט א מלוכה'לע פאר זיך; דער אינטערנאציאנאלער קאפיטאליזם האט אבער די גאנצע וועלט ענג פארקניפט און פארבונדען און די וועלט איז געווארען ווי די גמרא זאגט: „סדנא דארעא חד הוא" — די גאנצע וועלט איז איצט איין פלאץ.

די נאציאנאליטעטען ווערען אבער ניט פארניכטעט און אויס־געראטען — זיי בלייבען אפט אלס קולטור־היסטארישע ערשיי־נונגען מיט זייערע באזונדערע אייגענטימליכקייטען און ספעציפי־שער פסיכאלאגיע, שפראך, קולטור, טראדיציעס, מנהגים א. ד. גל. און עס איז דארום די מיינונג פון אלע רעוואלוציאנערע סאציא־ליסטישע פארטייען, אז כל זמן די נאציאן עקזיסטירט, האט זי דאס רעכט אויף עקזיסטענץ; און עס איז די פליכט פונ'ם שטאט צו געבען זיי זאגאר די מעגליכקייט צו אנטוויקלען זייער קולטור אויף זייער שטייגער.

די דאזיגע אנטוויקלונג און קאמפען פון די נאציאנען האט פאסירט און קומט פאר כמעט אין אלע וועלט־טיילען, אבער ווי

אזוי האָט זיך אנטוויקעלט די אמעריקאנער נאַציאָן און וואָס פאַר אַן אמביציעס האָט די הערשענדע אַמעריקאנער נאַציאָן?

## די אמעריקאנער נאַציאָן און איהרע אימפּעריאַליסטישע אַמביציעס.

ווען מיר האָבען אין פאָריגען קאַפּיטעל גערעדט מכח דער אַנטוויקלונג פון נאַציאָנאַליטעטען, איז דאָס אַלץ גערעדט געוואָרען וועגען אייראָפּא און אַלע אַנדערע וועלט־טיילען, וואו די נאַציאָנאַליטעטען האָבען זיך אויסגעבילדעט אין אַ רייע פון פילע טויזענטער יאָרען און דורך פילע לאַנגע דורות. אָבער אַ גאַנץ אַנדערע געשיכטע האָבען דורכגעמאַכט די פאַראייניגטע שטאַטען פון אמעריקא. דאָס לאַנד איז נאָך גאַנץ יונג, אַלץ האַלט דאָ אין ו ו ע ר ע ן און קריסטאַליזירען זיך. און אויב מען קען נאָך איצט טרעפען אין מערב־אייראָפּא, — ניט קוקענדיג וואָס זי האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע עפּאָכעס און געזעלשאַפטליכע ענדערונגען — פילע לענדער, וואָס זיינען באַזעצט פון כמעט איין נאַציאָן, סיי אין שטאַטליכען זין, סיי אין נאַציאָנאַלען זין, ווי למשל, דייטשלאַנד, פראַנקרייך און אַנדערע, האָט אָבער דער אמעריקאנער שטאַט גלייך פון אָנפאַנג אָן זיך אויסגעבילדעט פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטען, ווי האָלענדער, שפּאַניער, פראַנצויזען, ענגלענדער, א. אַז. וו., און אַזוי ווי אַמעריקא איז אַ לאַנד פון אימיגראַנטען, איז גאַנץ נאַטירליך, וואָס די פאַראייניגטע שטאַטען פון אמעריקא איז כמעט דער גרעסטער נאַציאָנאַליטעטען־שטאַט פון דער וועלט.

אַלזאָ, טאָ זאָלען מיר געדענקען, אַז די פאַראייניגטע שטאַטען פון אמעריקא, איז גלייך פון אָנפאַנג אָן געגרינדעט געוואָרען פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטען און אויב מיר געברויכען דאָס וואָרט: „די אמעריקאנער נאַציאָן“, מיינען מיר עס אין אַ פּאָליטישען שטאַטליכען זין.

איצט לאָמיר איבערגייען צו די אימפּעריאַליסטישע אמביציעס פון דער הערשענדער אמעריקאנער נאַציאָן, אָדער בעסער געזאָגט: פונ׳ם אמעריקאנער קאַפּיטאַליזם.

פריער פון אלעם דארף פאר אונז קלאר ווערען, אז דער קאפי־טאליזם פון די פאראייניגטע שטאטען האט דורכגעמאכט א גאנץ אנדער אנטוויקלונגס־סטאדיום, ווי דער קאפיטאליזם אין דער אל־טער וועלט. אויב אין דער אלטער וועלט האט פאר דער קאפיטא־ליסטישער אנטוויקלונג געהערשט דער פעאדאלער צושטאנד און דער ניי־ערוואכטער, אויפגעקומענער קאפיטאליזם געמוזט פירען — און פירט נאך איצט אין איינינגע לענדער — א ביטערען קאמף מיט די רעשטלאך פונ'ם פעאדאליזם, זיינען די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקא געווען פאלקאם פריי פונ'ם פעאדאליזם און גלייך פון אנ־הויב געבויט דאס לאנד אויף ריין־קאפיטאליסטישע יסודות.

ס'פארשטייט זיך, אז די אנטשטייאונג פונ'ם קאפיטאליזם אין די פאראייניגטע שטאטען, וואו עס זיינען ניט געלעגען קיינע שטע־רונגען אויף דעם וועג פון זיין אנטוויקלונג און דערצו געהאט ארום זיך אזעלכע גאלדענע געלעגענהייטען, וואס די נאטירליכע רייכטי־מער פון לאנד האבען געגעבען און ברייטע מעגליכקייטען אנצוזאמ־לען גרויסע רייכטימער און פיל קאפיטאל אינ'ם לאנד גופא, האט דער קאפיטאליזם פון די פאראייניגטע שטאטען פון אנפאנג אן ווירקליך ניט געהאט קיין אימפעריאליסטישע פלענער, ווייל ער האט געהאט גענוג געלעגנהייטען אנצושעפען רייכטימער פון דעם איי־גענעם לאנד.*) און דערפאר טאקע איז דער קאפיטאליזם אין אנ־פאנג פון זיין אנטוויקלונג געווען, אזוי צו זאגען, גאנץ אידעא־ליסטיש. אט וואס די געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאטען דערציילט אונז. אין 1609 האט די ווירדזשיניער קאלאניע געהאט א טשארטער, וואו עס איז געווען געשריבען:**) „די קאלאניסטען און זייערע קינדער זאלען האבען און געניסען אלע פרייהייטען,

---

*) זע דאס קלאסישע ווערק פון גוסטאוו מייערס: „היסטאריע אף די גרעיט אמעריקאן פארטשונס“, וואו ער באווייזט מיט פאקטען ווי אזוי דער אמעריקאנער קאפיטאליזם האט אנגעזאמעלט גרויסע רייכטימער אינ'ם לאנד גופא.

**) זע „די געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאאטען פון אמערי־קא“, פון עלען ס. טהאמאס, זייט 22.

רעכטע און פּריווילעגיעז פון פרייע בירגער און איינגעבאָרענע אונ־טערטאַנען אין אַלע לענדער, וואו מיר רעגירען, ווי זיי וואָלטען גע־ווען געבאָרען און געוואוינט אין ענגלאַנד אָדער אין אירגענד וועל־כע אנדערע פון אונזערע לענדער". די דאָזיגע גרונד־פּרינציפּען זיי־נען אָנגעשריבען געוואָרען פון דער ווירדזשיניער קאָלאָניע, ווען דער קאַפּיטאַליזם איז נאָך געווען אין זיינע וויקעלאַך. אַזוי גלייך אָבער, ווי דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך גענומען אויסברייטערען און גע־נומען שפּילען א שטיקעל ראָלע אויפ'ן וועלט־מאַרקעט, איז ער גלייך געוואָרען ווילד, ברוטאַל און געמיין.

דער יעמאָלטיגער קאַפּיטאַליזם איז אָבער נאָך ניט געווען אויסגעוואקסען אין דער היינטיגער מאָדערנער פאָרמע, ווי גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, מיט טראַסטען, אינטערנאַציאָנאַ־לען קאַפּיטאַל און מיט אַן איבערפלוס פון סחורות, וואָס דאַרף האָבען נייע מערק אַפּצושטופּען זיי. דער דאַמאָלסטיגער האַנדעל איז מערסטענס געווען א פּשוט'ער שקלאַפען־האַנדעל — א מסחור פון לעבעדיגע סחורות. און די געשיכטע דערציילט ווידער: „אין יאָר 1713 איז געווען געשלאָסען אַ קאָנטראַקט צווישען ענגלאַנד און די קאָלאָניעס, אַז ענגלאַנד פאַרזיכערט צוצושטעלען יערליך אין די שפּאַניש־אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס ניט ווייניגער ווי אַכט און פערציג הונדערט נעגער־שקלאַפען פון אַפריקא און אין יאָר 1799, ווען דער שקלאַפען־האַנדעל איז אָנגעפירט געוואָרען אויף אַ גרוי־סען מאַסשטאַב און עס האָבען זיך געפונען יעמאָלט פּרייהייטס־ליבענדע מענשען, וואָס האָבען אָנגעפאַנגען צו פּראָטעסטירען, האָט די זעלבע ווירדזשיניער קאָלאָניע פאַרנעלייגט אַז „איילען און סע־דישאַן לאָא" — אַ געזעץ געגען פרעמדע און די יעניגע, וואָס ווי־לען צושטערען די געזעצען פון לאַנד.*)

און אויב מיר וועלען מאַכען לאַנגזאַם א שפּאַציר־גאַנג איבער דער געשיכטע פון די פאַראייניגטע שטאַטען, אַזוי וועלען מיר באַ־מערקען, אַז וואָס שטאַרקער און גרעסער דער קאַפּיטאַליזם איז געוואָרען אין די פאַראייניגטע שטאַטען, אַלץ גרעסערע מערק האָט

*) אין דעמזעלבען בוך, זייט 195.

ער געזוכט צו פארכאפּעז און באהערשעז, אלץ שטארקער איז גע־
ווארעז זייז אימפּעריאליסטישער אפּעטיט.

אין 1897, דערציילט ווידער די געשיכטע,**) „האבעז אמע־
ריקאנער ארייגעלייגט גרויסע סומעז געלט אין צוקער־פּלאנטא־
ציעס אין קובא. דער האנדעל צווישעז קובא און די פאראייניגטע
שטאטעז איז גוואלדיג אויסגעוואקסעז."

„און אין יאנואר 1898 האבעז די פאראייניגטע שטאטעז
ארויסגעשיקט א קריגס־שיף „מעין" אויף א פרידליכעז באזוך
(איר הערט, א קריגס־שיף איז געפארעז קיין קובא גלאט אזוי זיך
צו גאסט, אויף א פרידליכעז באזוך!) קייז האוואנא, קובא. און די
שיף איז ביינאכט אויפגעריסעז געווארעז".

אין 1898, אין מאנאט אפּריל, האט פּרעזידענט מעקינלי גע־
שיקט א ספּעציעלעז מעסעדזש צום קאנגרעס, וואו ער זאגט:
„אינ'ם נאמעז פון מענשעז־ליבע, אינ'ם נאמעז פון ציוויליזאציע
(טייוואלים מעגעז לאכעז!), און צוליב די אמעריקאנער אינטערעסעז
וואס זיינעז דארט איז געפאר, מוז איך קריגעז די גאנצע מאכט צו
געברויכעז די מיטלעז אפּצושטעלעז די פיינטשאפט צווישעז די
שפּאניער און די קובאנער".

פון דעם פרידענס־אפּמאך צווישעז שפּאניעז און די פאראיי־
ניגטע שטאטעז, וואס איז אונטערגעשריבעז געווארעז דעם 10טעז
אקטאבער, 1898, האט אמעריקא געקראגעז דעם אינזעל פּארטא
ריקא, די פיליפּינער אינזלעז און פילע אנדערע אינזלעז, וואס זיי־
נעז געוועז אונטער דער הערשאפט פון שפּאניעז.

אמת, אין 1902 האט מעז כלומרשט געגעבעז די פיליפּינער
אינזלעז פּאליטישע זעלבסטשטענדיגקייט, אבער עקאנאמיש זיינעז
זיי פּאקטיש אונטער'ן רשות פון די פאראייניגטע שטאטעז.

פאר די לעצטע צוואנציג יאר איז דער קאפּיטאליזם פון די
פאראייניגטע שטאטעז ראשיג אויסגעוואקסעז. ער, דער קאפּיטא־
ליזם, האט געמוזט האבעז פרישע און נייע מערק פאר זיינע סחורות
און אנגעזאמעלטעז קאפּיטאל, אבער ער האט איבעראל געטראפעז
גאנץ שטארקע קאנקורענטעז מצד דייטשלאנד, ענגלאנד און אנ־

**) זע דארטעז, זייט 483.

דערע לענדער. נו, איז אונטערגעשפּרונגען דער וועלט־בראַנד, וואָס האָט אַריינגעוואָרפען אַלע פעלקער און לענדער אין דער שוידער־ליכסטער מענשען־יאַטקע. די פּראָדוקציאָן אין יענע לענדער האָט זיך פאַקטיש אָפּגעשטעלט. און דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם האָט גענומען אויף זיך די „הייליגע" אויפגאַבע צוצושטעלען די מלחמה־פירענדע לענדער — איבערהויפּט די עליים — סיי פּראָדוקטען, סיי כלי משחית און סיי פינאַנצען. אַזוי ווי אָבער עס איז געווען אַ מורא, אַז דייטשלאַנד וועט זיגען — און יעמאָלט האָט דער אַמע־ריקאַנער קאַפּיטאַל איינגעשטעלט מיט זיינע אַנלייען און אינוועסט־מענטס אין די עליים־לענדער, האָט דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם אַנגעצויגען אויף זיך דעם דעמאָקראַטישען מאַנטעל, געטרומיי־טערט מיט די שופרות וועגען פרייהייט, פּאַטריאָטיזם, אַמעריקאַ־ניזם א. ד. גל., אָפּגעקערט זיך פון דער מאָנראָו דאָקטרין*) און אַריינגעשפּרונגען אין׳ם אייראָפּעאישען ווילדען שדים־טאַנץ.

מען מוז זאָגען, אַז אין דער צייט פון׳ם וועלט־בראַנד האָבען די פאַראייניגטע שטאַטען עקאָנאָמיש געבליט (אויך די אַרבייטער האָט מען צוגעוואָרפען אַ ביינדעל), און ווי זאָגט דער פראַנצויז: „דער אַפּעטיט קומט מיט׳ן עסען". דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם האָט איצט באַקומען אַ שטאַרקען אימפּעריאַליסטישען אַפּעטיט. אייראָפּאַ איז אָבער איצט פאָלשטענדיג עקאָנאָמיש רואינירט, זוכט איצט דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם אַנדערע וועגען, אַנדערע קאָנטינענטען, וואו אַנצוזעטיגען זיין אימפּעריאַליסטישען אַפּע־טיט.

אַט האָט אַנומעלט מר. זעליגמאַן, אַ באַוואוסטער שרייבער איבער עקאָנאָמישע פראַגען, פאַרעפענטליכט אַן אַרטיקעל אין דעם וועכענטליכען זשורנאַל „די ניישאָן"**) וואו ער ווייזט אַן ווי אַזוי דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם טרעט מיט זיינע „אייזערנע קנאָ־

*) מאָנראָו דאָקטרין מיינט, אַז אַמעריקאַ טאָר זיך ניט מישען אין אַ אייראָפּעאישען פּלאָנטער און אייראָפּאַ דאַרף זיך ניט מישען אין די אינערליכע אַמעריקאַנער אַנגעלעגענהייטען.

**) זע „די ניישאָן", „דער זיג איבער העיטי". פון העררבערט זע־ליגמאַן, דעם 10טען יולי, 1920, זייט 35.

פעל" אויף דער קליינער נעגער־רעפּובליק העיטי, ווייל די נאַציאַ־נאַלע באַנק פון דער רעפּובליק באַלאַנגט צו די אַמעריקאַנער. די אייזענבאַנען שטייען אונטער'ן אַמעריקאַנער קאָנטראָל, די צוקער־פאַבריקען און די עלעקטריק־פּלענטס געהערען צו די אַמעריקאַנער. און אַלע ווילדעסטע מעשים און מערדערייען ווערען דאָרט אָפּגע־טאָן אונטער דעם לאָזונג: „אַמעריקאַניזם".

## דער אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם.

אין פאַריגען קאַפּיטעל האָבען מיר אַנגעוויזען ווי אַזוי דער אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם האָט אַרויפגעלייגט זיין לאַפּע אויף קובאַ, אויף די פיליפּינען אינזלען, אויף דער קליינער נעגער רע־פּובליק און אַנדערע ערטער. אין יעדער אימפּעריאַליסטישער אוואַנטורע פּלעגען זיך די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטען איינוויק־לען אין אַ פּאַטריאָטישען מאַנטעל. דער לאָזונג פון'ם אַמעריקאַ־נער קאַפּיטאַליזם — צוגלייך ווי דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס פון אַנדערע לענדער — איז שטענדיג געגאַנגען אונטער דער פאָן פון „אַמעריקאַניזם", „נאַציאָנאַלע ערע", „פאַרטיידיגונגס־מיטלען". א. ד. גל.

עס איז כאַראַקטעריסטיש ווי אַזוי דער אַמעריקאַנער אימ־פּעריאַליזם שטרייכט זיך אָן פאַר די לעצטע עטליכע יאָר אַריינ־צודרינגען אין מעקסיקאָ פאַר זיינע אימפּעריאַליסטישע אַמביציעס. לייגט אויך אַריין די טומאה אין דער יראה און פּלאַפּלט וועגען נאַציאָנאַלע ערע, פּאַטריאָטיזם און אַלע איבעריגע אויסגע'חזר'טע ווערטער פון'ם קאַפּיטאַליסטישען ווערטער־בוך.

אין דער פּלאַטפאָרם, וואָס די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי האָט אָנגענומען אויף איר נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ, דעם 10טען יוני, 1920, געפינען מיר פאָלגענדען פּונקט וועגען מעק־סיקאָ:

„...פאַר דעם אומגעהייערען פאַרלוסט פון אַמעריקאַנער איי־גענטום פון אַנדערע נאַציעס; פאַר דער דערנידעריגונג פון אַמע־ריקאַנער מאָראַל און סאָציאַלע באַציאונגען צו די מעקסיקאַנער;

און פאַר אַרויסרופען דעם שפּאָט און פאַראַכטונג פון די מעקסי־קאַנער און פון דער גאַנצער וועלט צו די אַמעריקאַנער אידעאַלען פון גערעכטיגקייט, נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר ע ר ע א ו ן פּ אָ ־ ל י ט י ש ע ר ע ר ע נ ה אַ פ ט י ג ק י י ט. (אונזער קורסיוו— ל. ק.)

„....די אמעריקאַנער פּאַרטיי פאַרפליכטעט זיך צו פאַרפּאָלגען אַז א ו י ס ג ע ה אַ ל ט ע נ ע ש ט אַ ר ק ע א ו ן ו ו י ר ק־ ז אַ מ ע פּ אָ ל י ט י ק צ ו מ ע ק ס י ק אָ, וואָס זאָל צווינ־ גען (מעקסיקאָ) צו רעספּעקטירען די אַמעריקאַנער פּאַן".

עס איז דאָך קלאָר פאַר יעדען חדר־אינגעל, וואָס האַלט נאָך ביים פּאָליטישען אלף־בית, אַז פון דעם דאָזיגען פּונקט אין דער רעפּובליקאַנישער פּלאַטפאָרם קלינגט דער אימפּעריאַליסטישער טאָן און די אַלע ווערטער ווי „נאַציאָנאַלע ערע", „פּאַטריאָטיזם", „אמע־ ריקאַניזם", „רעספּעקטירען די אַמעריקאַנער פּאַן", זיינען ניט מער ווי אַ קאַמופּלאַזש צו פאַרבלענדען די אויגען און בעסער אָפּנאַרען די ברייטע מאַסען פון פאָלק, וואָס קענען זיך ניט אָריענטירען אין די פאַרפּלאָנטערטע פּאָליטישע פראַגען פון אונזער צייט.

אי, וועט איר פרעגען, וואָס פאַר אַ גליקען שטעקען איז מעק־ סיקאָ, וואָס דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם שאַרפט אַזוי די ציין אויף מעקסיקאָ? וועלען מיר אייך דאָ ברייגען אין קורצען אַ רשימה פון די מעקסיקאַנער רייכטימער, וואָס וועט פאַר אייך אַלעס קלאָר ווערען.

אָט וואָס אַ קאָמפּעטענטער שרייבער וועגען מעקסיקאָ זאָגט וועגען דעם לאַנד.*)

„קיין לאַנד אין דער וועלט איז נישט רייכער פון מעקסיקאָ אין נאַטירליכע אוצרות. זי איז רייך אין ווייץ און קאָרן, אין פּי. אויל, פּלאַקס, גאָלד, זילבער, קופּער, האָלץ, פרוכטען, קאַפע, טאַ־ באַק, צוקער, שאָקאָלאַד, און טויזענטער אַנדערע לאַנד־פּראָדוקטען. אין אַ משך פון צוואַנציג יאָר האָט זי פּראָדוצירט פאַר אַ ביליאָן דאָלער גאָלד און זילבער. אירע אויל־פעלדער פּראָדוצירען אַכט

*) זע ע. ד. טראובריזדזש — „מעקסיקאָ היינט און מאָרגען".

מיליאן פעסלאך אויל א יאר; אירע אומגעהויער גרויסע וועלדער פון סאסנע און מאהאגאני קענען באזארגען מיט געהילץ דעם גאנ־צען קאנטינענט. מיט א קלימאט, וואס מאכט מעגליך צו זאמ־לען תבואה א רונדיגען יאר, מיט איר פרוכטבארען לאנד און פילע טייכען, קען זי פראדוצירען גענוג פראדוקטען צו שפייזען א באַ־פעלקערונג זעקס מאל אזוי גרוים ווי די איצטיגע. פאר אינדוס־טריעלע צוועקען באזיצט זי אייזען און קוילען. הונדערט טייכען, וועלכע פאלען ארונטער א מייל און א האלב אויף זייער וועג צום ים, באזיצען א פאטענציעלע קראפט זעקס מאל אזוי גרוים ווי די קראפט פון דעם ניאגרא וואסערפאל. זי איז רייך — גוואלדיג רייך".

איצט וועלען מיר נאך דערציילען בקיצור, וואס די אמערי־קאנער קאפיטאליסטען פארמאגען שוין איצט אין מעקסיקא.

מאריאן לעטשער, דער אמעריקאנער קאונסיל אין טשילאהוא, מעקסיקא, זאגט אז אין 1912, האט דאס אינדוסטריעלע אייגענטום פון אמעריקאנער בירגער אין מעקסיקא באטראפען אריבער א ביל־יאן דאלער (גענוי 1,057,770,000) אין דער צייט ווען דאס איי־גענטום פון די מעקסיקאנער זעלבסט באטרעפט בלויז 793,187,000 דאלער. וויליאם רענדאלף הוירסט, דער באוואוסטער צייטונגס־מאגנאט פון אמעריקא, וועמעס צייטונגען עס הערען ניט אויף טאג איין טאג אוים צו פרעדיגען אינטערווענציע אין מעקסיקא, פאר־מאגט ביז צוויי מיליאן אקער לאנד אין דעם אגריקולטורעלען שטאט טשיהלאהוא און נאענט צו דריי הונדערט טויזענט אקער אויל־פעלדער אין דעם שטאט טאבאסקא. היינט, אז מיר וועלען נאך צוגעבען, אז די אמעריקאנער קאפיטאליסטען באזיצען דארט צוויי אייזענבאן־ליניעס פון דעם טעקסעס גרעניץ צו מעקסיקא סיטי, די הויפט־שטאט פון מעקסיקא. נו, איצט, זייענדיג באקאנט מיט אט די אלע פאקטען, איז, דוכט זיך, קלאר פאר יעדען דענ־קענדען מענשען פאר וואס דער אמעריקאנער קאפיטאליזם איז אזוי נייטיג איינצושלינגען מעקסיקא, פאר וואס די אמעריקאנער אימ־פעריאליסטען האלטען איצט אין איין שרייען: הונדערט פראצענט אמעריקאניזם, פאטריאטיזם, א. אז. וו.

## די פאטערלאנד־טעאָריע.

ווען די בורזשואזיע וויל דורכפירען איר אימפעריאליסטישע פאליטיק, אדער ווען זי זעט, אז נייע רעוואלוציאָנערע אידייען הויבען אן אריינצודרינגען צווישען די ברייטע פאלקסמאסען און איר עקזיסטענץ איז אין געפאר, אזוי הויבט אן די בורזשואזע פרע־סע און אלע איבעריגע יוצר משרתים, צו קלאפען טרעוואגע ארויס־לאזענדיג די לאזונגען: „בירגער, דאס פאטערלאנד איז אין גע־פאר, און יעדער טרייער פאטריאט דארף אנגורטען זיינע לענדען צו ראטעווען דאס פאטערלאנד פון אינערליכע און אויסערליכע שונאים". דאס ווארט „פאטערלאנד" איז עפעס אזא מין צויבער־ווארט, וואס די בורזשואזיע נוצט עס שטארק אויס בשעת זי איז אין געפאר.

לאמיר דא פרובירען ערקלערען וואס איז אזוינס די פאטער־לאנד־טעאָריע.

קודם כל ווילען מיר דא גלייך ערקלערען, אז דער באגריף פון פאטערלאנד איז ניט אין אלע עפאכען פון דער מענשליכער גע־שיכטע געווען איינער און דערזעלבער. אין מיטעל־אלטער האט מען פארשטאנען א פאטערלאנד אנדערש ווי אין דעם היינטיגען בורזשואזנעם שטאט און די קאמוניסטען האבען לחלוטין א גאנץ אנדערען באגריף פון א פאטערלאנד.

אין מיטעל־אלטער — וואו די קוועלע פון הערשאפט איז גע־ווען דאס רעכט אויף ערד, וואו דער מענש איז געווען פשוט צוגע־בונדען צום באדען, האט ער געקוקט אויף זיך ווי אויף אן איי־ביגען צוזאמענבונד צווישען דעם מענשען און דער ערד. דאס הייסט, דער יסוד און דער טרעגער פון דער מלוכה איז געווען די טעריטאריע, דאריבער האט יעמאלט יעדער שבט, וואס איז גע־ווען צוזאמענגעבונדען מיט דער ערד גערעכענט דעם שטח ערד פאר זיין פאטערלאנד. אט אזוי איז געווען דער באגריף פון פא־טערלאנד אין מיטעלאלטער.

פילע נאציאנאלע שאוויניסטען האלטען זיך נאך איצט אויך ביי דעם אמאליגען מיטעלאלטערליכען באגריף פון פאטערלאנד.

אזוי, למשל, קען א פוילישער נאציאָנאַליסט קומען צו די אידעען און זאָגען: איר, אידען זיינט פרעמדע, איר האָט ניט קיין צוזאַמענגבונד מיט דער ערד, מיט אונזער שווייס און בלוט, וואָס די ערד האָט אַנגעזאַפּט און דארום זייט איר ניט זוכה צו געניסען דיזעלבע רעכט וואָס פּאָליאַקען.

אינ׳ם היינטיגען בורזשואַזנעם שטאַט איז דער באַגריף פון פאַטערלאַנד אַ גאַנץ אַנדערער ווי אין מיטעל־אַלטער. דער היינטיגער שטאַט ערקלערט, אז טעריטאָריע איז נאָר אַ גרענעץ פון דער פּאָליטישער מלוכה־הערשאַפט. דערפאַר איז אַנגענומען, אז ניט דער צוזאַמענבונד צווישען טעריטאָריע און מענש באַשטימט די אַנגעהעריגקייט צו אַ געוויסע מלוכה. איצט איז אין אַלגעמיין אַנגענומען, אז דער געבורט אויף אַ טעריטאָריע, אָדער דאָס נאַטוראַליזירען זיך אין אַ געוויסען לאַנד איז גענוג, כדי דער מענש זאָל „אַנגעהערען" צו איר.

דער אייביגער צוזאַמענבונד צווישען פּערזאָן און ערד, וואָס האָט געהערשט אין מיטעלאַלטער, איז געווען דער אויסדרוק פון די סאָציאַלע באַדינגונגען אין יענער צייט. איצט זיינען די פּערזאָנען און די גיטער „פריייער" געוואָרען. ניט די אומבאַוועגליכע גיטער מיט זייער שקלאַפעריי איז דער יסוד פון דער מלוכה, נאָר די באַוועגליכע גיטער מיט זייערע פרייע אייגענטימער זיינען דער פונדאַמענט פון דער היינטיגער געזעלשאַפט.

אין מיטעלאַלטער פלעגט מען קאָנפיסקירען די גיטער פון די יעניגע, וואָס האָבען פאַרלאָזען זייער פאַטערלאַנד. אינ׳ם היינטיגען בורזשואַזנעם שטאַט האָט יעדער מענש אַ רעכט צו ווייילען פאַר זיך אַ פאַטערלאַנד לויט זיין גוטען ווילען. דער דאָזיגער באַגריף פון פאַטערלאַנד איז אויך אַ רעזולטאַט פון די קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען, ווייל דער קאַפּיטאַליזם זוכט אַלע מאָל נייע מערק פאַר זיינע סחורות, און דאַרף אויך האָבען אַלע מאָל „פרייע" שקלאַפען פאַר זיין ארבייט. ער, דער קאַפּיטאַליזם, קען זיך דאַריבער ניט באַנוגענען מיט אַ געוויסען שטח ערד פאַר זיין פאַטערלאַנד און אַפּגרעניצען זיך פון אַלע איבעריגע לענדער מיט פעסטע ראַנאַטקעס.

אינ'ם היינטיגען בורזשואַזנעם שטאַט, וואו מען היט שטאַרק אָפּ דעם פּרינציפּ פון פּריוואַט אייגענטום, איז אָנגענומען, אַז יעדער מענש מוז דאָך באַלאַנגען צו אַ געוויסען פאַטערלאַנד, צי דאָס איז דורך זיין געבורט, אָדער דורך נאַטוראַליזירען זיך.

אַ גאַנץ אַנדערען באַגריף פון פאַטערלאַנד האָבען די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען אָדער קאָמוניסטען.

אין דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט" פון קארל מארקס און פרידריך ענגעלס האָבען די פאָטערס פון סאָציאַליזם געזאָגט פאָלגענדעס:

„די קאָמוניסטען האָט מען ווייטער אויפגעוואָרפען אַז זיי ווילען אָפּשאַפען דאָס פאַטערלאַנד און די נאַציאָנאַליטעט.

„די אַרבייטער האָבען ניט קיין פאַטערלאַנד. מען קען ביי זיי ניט אָפּנעמען דאָס, וואָס זיי האָבען ניט. אָבער אַזוי ווי דער פּראָלעטאַריאַט מוז זיך קודם כל דערקעמפען די פּאָליטישע הערשאַפט, מוז ער ווערען דער פירענדער קלאַס אין דער נאַציאָן, מוז ער זיך זעלבסט קאָנסטיטואירען אַלס די נאַציאָן, אויף אַזוי פיל איז ער נאָך נאַציאָנאַל, הגם אפילו באין אופן ניט אין דעם זין פון דער בורזשואַזיע".

אין אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט אינ'ם היינטיגען שטאַט ניט קיי פאַטערלאַנד, ווייל סיי די עקאָנאָמישע מאַכט, סיי די פּאָליטישע הערשאַפט באַקומט אַ פאַטערלאַנד יעמאָלט ווען ער פאַרבאַפּט די פּאָליטישע מאַכט אין זיינע הענט און קאָנסטיטואירט זיך זעלבסט אַלס די נאַציאָן. אָט די דאָזיגע טעאָריע איז באַגרינדעט אויף געוויסע סאָציאַל-עקאָנאָמישע באַדינגונגען. אַזוי ווי אין דער מאָדערנער צייט פאַרמאָגט ניט דער אַרבייטער-קלאַס קיין פּריוואַט-אייגענטום, אויסער די סחורה פון אַרבייטס-קראַפט, ד. ה. זיינע הענט, וואָס ער קען זיי פאַרקויפען איבעראַל וואו מען נויטיגט זיך אין דעם, איז דאַריבער האָט ניט דער אַרבייטער-קלאַס קיין פאַטערלאַנד, נאָר וואו ער קומט און שאַפט דאַרף ער באַקומען אַלע זיינע גלייכע רעכטע, סיי אויפ'ן פּאָליטישען, סיי אויפ'ן עקאָנאָמישען געביט.

די רוסישע באָלשעוויקעס, אלס אמת'ע מאַרקסיסטען, האבען טאַקע אריינגעשטעלט אַ פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע פון דער רוסישער סאָוויעטען רעגירונג, וועלכער לעזט זיך ווי פאָלגט:*)

„ארויסגייענדיג פון דעם שטאַנדפּונקט פון סאָלידאַריטעט צווישען די אַרבייטענדע מאַסען פון אַלע פעלקער, גיט די רוסישע סאָציאַליסטישע פעדעראַטיווע סאָוויעטען־רעפּובליק אַלע פּאָליטישע רעכטע וואָס די רוסישע בירגער האָבען, אויך צו די אויסלענדער, וועלכע וואוינען אויף דער ערד פון דער רוסישער רעפּובליק צוליב זייערע אַרבייטס־באַשעפטיגונגען (אונטערגעשטראָכען פון מיר—ל. קל.) און וועלכע באַלאַנגען צום אַרבייטער־קלאַס, אָדער צו די, וועלכע באַנוצען זיך ניט מיט דער פרעמדער פראַצע פון די פויערים, און אַנערקענט פאַר די לאָקאַלע סאָוויעטען דאָס רעכט צו געבען אַזעלכע אויסלענדער, אָן שווערע פאָרמאַליטעטען, דאָס רעכט פון רוסישען בירגערטום“.

ווי איר זעט, האָט די רוסישע סאָציאַליסטישע סאָוויעטען רעפּובליק דורכגעפירט אין דער ווירקליכקייט, וואָס די פאַטערס פון סאָציאַליזם האָבען געפּרעדיגט, אַז דאָרט וואו דער ארבייטער פּראָדוצירט, דאָרט דאַרף ער קריגען אַלע רעכטע און יעמאָלט ווען דער אַרבייטער־קלאַס פאַרכאַפּט די פּאָליטישע מאַכט, יעמאָלט ווערט ער די נאַציאָן און האָט פאַר וואָס צו קעמפען און פאַרטיידיגען.

*) זע די קאָנסטיטוציע פון דער רוסישער סאָצ. סאָוועטען רעפּובליק. זייט 10, פּאַראַגראַף 20.

# די סאָוועטען רעגירונג און איר ווירטשאַפט־סיסטעם*)

גלייך נאכ'ן גרויסען היסטארישען אקט פון 7טען נאוועמבער, 1917, ווען דער רוסישער פראלעטאריאט האט פארכאפט די פא־ליטישע מאכט, האבען אלע שונאים פון דער פראלעטארישער דיק־טאטור נביאות געזאגט: אז די סאָוועטען מאכט אין רוסלאנד וועט ניט לאנג קענען אויסהאלטען, זי וועט מוזען ווי אם גיכסטען צוזאמענברעכען, ווייל די גאנצע עקאנאמישע ווירטשאפט־סיסטעם איז געווען פאלקאם רואינירט און צוטרייסעלט.

און ווירקליך. די פראדוקטיוויטעט פון דער פראדוקציאָן איז געפאלען נידריגער פון טאג צו טאג נאך ביי דעם קערענסקי רע־זשים, די דעמאביליזירונג פון דער צוועלף מיליאניגער ארמיי האט שטארק פארגרעסערט די ארבייטסלאזיגקייט, דער מאנגעל אין מא־שינעריי איז געווען גוואלדיג גרויס, דער סאבאטאזש פון די אינ־זשענירען, מעכאניקער און גלאט אנגעשטעלטע האט זיך געלאזט שטארק פילען אין דער פראדוקציאָן. היינט ווען מען נעמט נאך אין אנבאטראכט די בלאקאדע פון די עלייעס און דעם שרעקליכען יקרות אויף אלע נויטיגע לעבענס־מיטלען דורך די ספעקולאנטען, קען מען זיך פארשטעלען אונטער וואס פאר אן עקאנאמישען כאאס אין תהו ובוהו די סאָוועטען רעגירונג איז אויסגעקומען צו אר־בייטען און וואס פאר א שווערע פראבלעם בנוגע צו דער פאלקס־ווירטשאפט די סאָוועטען מאכט האט געהאט צו לעזען.

אין מאנאט דעצעמבער, 1917, ווערט — דורך דער סאָוועט־טען רעגירונג — א צענטראל ראט פון פאלקס־ווירטשאפט גע־גרינדעט. אין דעם צענטראלען ראט פון פאלקס־ווירטשאפט נייען

*) ערשינען אין „קאמף“, דעם 7טען נאָוועמבער, 1919, צום צוויי־יאָריגען יובילעאום פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

אריין פארשטייער פון אלע ארבייטער ארגאניזאציעס, ווי פון די טרייד יוניאנס, פאבריק־קאמיטעטען, א. ז. וו.

די ערשטע אויפגאבע האט זיך דער צענטראל ראט געשטעלט צו קעמפען געגען דער אומפראדוקטיוויטעט פון די מאסען, וועלכע איז געווען א רעזולטאט פון קריג. די צווייטע וויכטיגע פראגע איז געשטאנען פאר'ן ראט פון פאלקס־ווירטשאפט ווען זאל מען איבערגעבען די פירערשאפט פון דער אינדוסטריע. ענטווע־דער איבערגעבען די לייטונג פון דער אינדוסטריעלער אויפבויאונג און ווירטשאפט־לעבען אין די הענד פון דער בורזשואזיע, וועלכע, פילענדיג אז זי איז א נויטיגער עלעמענט, וועט אם שטארקסטען באקעמפען דעם גאנצען ארגאניזאציאנס־סיסטעם פון דער אר־בייטערשאפט, אדער די ארבייטער און די פויערים זאלען איבער־נעמען די ווירטשאפטליכע מאכט אין זייערע איינענע הענט אריין, וועלכע האבען שוין גענאמען די פאליטישע מאכט. דער צענטרא־לער ראט פאר פאלקס־ווירטשאפט האט נאך א גרינדליכע איבער־לעגונג אויסגעקליבען דעם צווייטען וועג, און נאר אויף אזא אופן וועט דאס גרויסע פראבלעם געלייזט ווערען.

גלייכצייטיג האט דער ראט פון פאלקס־ווירטשאפט איינגע־זעען אז די פראדוקציאן אונטער דעם קאנטראל פון די ארבייטער וועט ניט אוועקגיין נארמאל אזוי לאנג ווי דער „נערוו" פונ'ם קאפיטאליסטישען סיסטעם — די באנקען — וועלען בלייבען אין די הענט פון דער בורזשואזיע. דער ראט האט דארום געפאדערט, אז די סאוועטען מאכט זאל איבערנעמען די באנקען, און ווען די באנקען זיינען נאציאנאליזירט געווארען האט זיך געעפענט גרויסע מעגליכקייטען דורך דעם נויטיגען קרעדיט — פאר די ארבייטער ראטען צו רעארגאניזירען דעם גאנצען פראדוקציאנס־סיסטעם. עס זיינען געשאפען געווארען אונטערנעמונגען אויף א גרויסען מאס־שטאב און די ארבייט איז אוועקגעגאנגען לעבעדיגער.

מיר ווילען דא ברענגען אביסעל פאקטען און ציפערען צו בא־ווייזען ווי אזוי די עקאנאמישע לאגע האט אויסגעזען אין רוס־לאנד בעפאר די באלשעוויסטישע רעוואלוציע, און ווי די פרא־דוקטיוויטעט פון די ארבייטער־מאסען האט זיך פארגרעסערט נאך דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע.

פאַר אונז ליגט דער אַפיציעלער באַריכט אויף דעם ערשטען ווירטשאַפט־קאָנגרעס*) וואו צווישען אַנדערעס ווערט דערציילט:

„נאָך לאַנג בעפאָר די נאָוועמבער רעוואָלוציע איז רוסלאַנד'ס פאָלקס־ווירטשאַפט געווען צושטערט, אַזוי ווי איצט צופאַלט אין אייראָפּאַ די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט. אין אַנפאַנג יאָר 1916 פלעגט מען פון זיד־רוסלאַנד אַרויסקריגען 1,373 מיליאָן פוד מעטאַל, האָט מען אין 1917 געקראָגען 1,139 מיליאָן פוד. די אייזען און שטאָל איז אין דערזעלבער צייט פאַרקלענערט געוואָרען פון 21,741,000 אויף 16,507,000 פוד, אָדער אויף 24 פּראָצענט. די גוס אייזען איז פאַרמינדערט געוואָרען אויף 17 פּראָצענט, א. ז. וו."

די פאַבריקען האָבען זיך איינער נאָך דעם אַנדערען געשלאָסען. אין דער צייט פון דעם ערשטען מאַרטש ביז דעם ערשטען אויגוסט, 1917, זיינען אין גאַנץ רוסלאַנד 568 אונטערנעמונגען געווען געשלאָסען, וואָס האָבען אַרויסגעוואָרפען אויפ'ן גאַס מער פון הונדערט טויזענד אַרבייטער. אַזוי האָט זיך געשלאָסען אין מאַנאַט מערץ 74 פאַבריקען מיט 6646 אַרבייטער, אין יולי 206 פאַבריקען מיט 47,754 אַרבייטער. דאָס צופאַלונג פונ'ם עקאָנאָמישען לעבען איז געגאַנגען שנעל. מען האָט געפילט אַ מאַנגעל אין קוילען און מעטאַל. ברויט איז ניט געווען צו קריגען און דער יקרות אויף אַנדערע נויטיגע לעבענס־מיטלען האָט דערגרייכט ביז דעם העכסטען גראַד.

די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט ניט נאָר מיט אַמאָל ניט געקענט אַפּשאַפען דעם עקאָנאָמישען כאַאָס און ווירטשאַפט צוטרייסלונג, נאָר אין דער ערשטער צייט פון דער סאָוועטען רע־גירונג, ווייל די סאָוועטען רעגירונג האָט דעמאָביליזירט די פיל מיליאָניגע אַרמיי און די אַרבייטסלאָזיגקייט איז מיט אַמאָל געוואָרען געוואַל־דיג גרויס. דער עקאָנאָמישער צוזאַמענברוך געוואָרען נאָך גרעסער,

---

*) געדרוקט אין „נאַראָדנאָיע כאָזיאַיסטווע", נומער 11, 1918. מאָסקווא.

און דא האט די סאוועטען רעגירונג ארויסגעוויזען א מערק־ווירדיגע פעאינקייט און שנעל צונעפאסט זיך צום מאמענט. די סאוועטען רעגירונג האט גלייך פארוואנדעלט די קריג־אינדוסטריע אין א פאלקס־ווירטשאפטליכע אינדוסטריע.

פארגלייכען מיר די ציפערען פון די פעטערבורגער פאבריקען אין דער צווייטער העלפט פון יאר 1918 מיט די ציפערען פון 1916, באקומען מיר אזא בילד:

אין דעם ערשטען האלבען יאר פון 1916 האט מען 2,432,000 פוד מעטאל פארברויכט, פון דעם זיינען אוועק 2,121,000 אויף קריגס־מאטעריאלען און 311,000 אויף פרידענס־געברויך. דאס הייסט 88 פראצענט פאר׳ן קריג, 12 פראצענט פאר פרידענס גע־ברויך.

אין יאר 1918, האט מען פארברויכט 105,000 פוד אויף קריגס־מאטעריאל און 2,077,000 פוד פאר דעם פרידענס מארקעט. דאס הייסט, 95 פראצענט פאר פרידענס־געברויך און 5 פראצענט פאר קריגס־צוועקען.

דער כאראקטער פון דער פראדוקציאן האט זיך אויך גרינדליך געענדערט. דער באוואוסטזיניגער פראלעטאריאט פון רוסלאנד וויסענדיג, אז זיין ארבייט ווערט ניט עקספלואטירט, ארבייט אינ־טענסיווער, ענערגישער. דאס לאנד האט אויפגעלעבט און אין דער גאנצער ווירטשאפטס־פראדוקציאן איז פארגעקומען אן איבערקע־רעניש.

פון מאנאט פעברואר, 1918, איז אונטער דעם איינפלוס פון דעם פראפעסיאנעלען ארבייטער פארבאנד (די צענטראלע קערפער־שאפט פון די טרייד יוניאנס) און פאבריק־קאמיטעטען פארגעקו־מען א שטענדיגע שטייגונג אין דער פראדוקציאן, א דאנק די פרא־דוקטיוויטעט פון די ארבייטער־מאסען.

פאר אונז ליגט גאנצע בערג מיט מאטעריאלען וואס באוויי־זען מיט ציפערען די שנעלע אויפשוואונג פון דער פראדוקציאן אויף אלע געביטען. מיר וועלען ארויסכאפען איין צווייג פון דער אינדוסטריע צו אילוסטרירען אלס ביישפיל, אויף וויפיל די פרא־דוקטיוויטעט האט זיך פארגרעסערט.

די דורכשניטליכע טעגליכע פּראָדוקציאָן פון די גוס־אײזען איז װי פאָלגט: אין יאַנואַר 1918 — 3000 פוד; פעברואַר — 3400 פוד; מאַרטש — 3836 פוד; אַפּריל — 4000 פוד, א. ז. װ. דאָס באַדײט אַ שטײגערונג פון 33 פּראָצענט*).

לױט דער אָנגאַבע פון דער אַרבײטער־דירעקציאָן איז אױף דער בריאַנסקער פאַבריק אין יאָר 1913, װאו עס זײנען געװען באַשעפטיגט 1200 מאַן, האָט מען אַרױסגעגעבען מאָנאַטליך 200 װאַגאָנען; אין 1916, װאו עס האָבען געאַרבײט 2000 מאַן, האָט מען אַרױסגעגעבען 300—305 װאַגאָנען און אין 1918 װאו עס האָבען געאַרבײט 600 אַרבײטער — 120 — 100 װאַגאָנען.

עס איז כאַראַקטעריסטיש צו באַמערקען, אַז די אַרבײטער אַרבײטען מיט אַ באַזונדערען חשק אין די געװער־פאַבריקען (װאו מען פּראָדוצירט קריגס מאַטעריאַלען פאַר דער רױטער אַרמײ). די קאָלאָסאַלע געװער פאַבריק אין טולאַ װײזט פאָלגענדע רעזולטאַטען: פריער פלעגט מען צונױפשטעלען טעגליך פון 250 ביז 300 שטיקלאַך געװער, קריגט מען איצט פון דאָרטען 700, אַנשטאָט 6—5 מאַשין־געװער — איצט 21—20. רעװאָלװערען: פריער װעכענטליך 300, איצט טעגליך 210—200. דאָס הײסט אַז די פּראָדוקטיװיטעט פון די אַרבײטער אױף דעם געביט האָט זיך כמעט פאַרדאָפּעלט.

מען דאַרף אױך באַמערקען, אַז עס איז געשאַפען געװאָרען בײ דער סאָװעטען רעגירונג אַ ספּעציעלער אַפּאַראַט, װאָס פירט דעם אױסלענדישען האַנדעל. דער גאַנצער אױסלענדישער האַנדעל װערט געפירט דורך דער סאָװעטען רעגירונג און איז דער מאָנאָפּאָל פון שטאַט.

די אױבענגעבראַכטע ציפערען און פאַקטען באַװײזען אונז באַשײנפּערלאַך, אַז ניט קוקענדיג אױף דעם, װאָס אין רוסלאַנד איז געװען אַזאַ שרעקליכער עקאָנאָמישער חורבן און דאָס גאַנצע אינדוסטריעלע לעבען איז געװען צוזאַמענגעבראַכען װען די סאָװעטען רעגירונג האָט איבערגענומען די מאַכט; ניט קוקענדיג

*) זע „נאַראָדנאָיע כאָזיאַיסטװאָ“, נומער 19, 1918, מאָסקװאַ.

אויף דעם, וואס דאס סאוועטען רוסלאנד איז ארומגערינגעלט מיט א קייט פון דער וועלט אימפעריאליסטישער באנדע, וואס שטרייכ־גען אין אלע זייערע כוחות די פראלעטארישע רעגירונג צו דער־שטיקען און לאזען ניט אריינפירען אדער ארויספירען פון רוסלאנד קיינע פראדוקטען און מאטעריאלען, דאך האט די סאוועטען רע־גירונג ארויסגעוויזען א מערקווירדיגע לעבענס־פעאיגקייט. די אר־בייטער זיינען מער פראדוקטיוו, אין אויפלעבונג אינ׳ם גאנצען אינ־דוסטריעלען לעבען און מיליטעריש שלאגט זיך די סאוועטען רע־גירונג געגען דער גאנצער קאפיטאליסטישער וועלט און קען זיי בייקומען. — אט די אלע פאקטען איז דער שטארקסטער ארגומענט געגען די סאציאל־פאטריאטען און ארבייטער־פאררעטער פון אלע לענדער, וואס טענה׳ן, אז דער פראלעטאריאט טאר ניט איבער־נעמען די פאליטישע און עקאנאמישע מאכט אין זיינע איינענע הענד, ווען דאס לאנד איז עקאנאמיש רואינירט און צעפאלען. דער אמת איז, אז די גאנצע טעאריע פון די סאציאל פאררעטער וואס ווילען איינרעדען די ארבייטער, אז זיי זאלען גראד איצט ניט איבערנעמען די רעגירונגס־מאכט זאגאר דאן ווען זיי האבען די מעגליכקייט דערצו, ווילען קיינמאל ניט, אז די ארבייטער זאלען זיין די הערשער. זיי גלויבען לחלוטין ניט אין די שאפענדע קרעפטען פון די ארביי־טער מאסען, זיי גלויבען ניט אין דער ענערגיע און אידעאליזם וואס די ארבייטערשאפט פארמאגט.

אלע פאראויסגעזאגטע חקירות און טעאריעס, אז דער רוסי־שער פראלעטאריאט וועט ניט קענען אויסהאלטען דעם עקאנאמי־שען קריזיס, אז די סאוועטען רעגירונג וועט באנקראטירען, ווייל די פראלעטארישע סיסטעם וועט ניט קענען זיין קיין שאפענדער כוח, בשעת די קאנטער־רעוואלוציע דראעט פון אלע זייטען און דאס גאנצע לאנד איז צושמעטערט — אט די אלע פראפעצייאונ־גען האבען זיך ארויסגעוויזען פאר נישטיג אין פארגלייך מיט דער ענערגיע און מוט, וואס דער רוסישער פראלעטאריאט פארמאגט.

דער רוסישער פראלעטאריאט איז קלאסען־באוואוסט און ווייס וואס פאר א גרויסע ראלע ער דארף שפילען און פארנעמען אין דער עקאנאמישער ווירטשאפט, דערפאר באטייליגט ער זיך

אזוי טיכטיג און ווייזט ארוים אזא אקטיוויטעט און ענערגיע אין דער גאַנצער פּראָדוקציאָנס־שאַפונג.

דער רוסישער פּראָלעטאריאַט האלט פעסט די רעוואָלוציאָנס־שיף אין זיינע הענד און ווייסט וואוהין ער פאָרט!

# אינהאַלט:

### ערשטע אפטהלונג.

## פראגען פון דער אידישער אַרבייטערשאפט אין אמעריקא



### צווייטע אפטהיילונג.

## דער אלטער און נייער טרייד־יוניאָניזם.



### דריטע אפטיילונג.

## דער רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיזם און סאָציאל־אַפּארטוניזם.